פאַליק לערנער

# אַ בעסאַראַבער שטעטל

(לעבנסשטייגער, בילדער, געשטאַלטן, זכרונות)



בועֶנאָס־איירעס, 1958 — ה׳תשי״ח.

מיינע אומפארגעסלעכע עלטערן חיים און מלכה, מיין עלצטן ברודער ראובן, זיין פרוי רייזע און זייער קינד, אַלע יידן פון מיין געבוירן שטעטל וואָס זיינען אומ־געקומען ווי קדושים, דאָס דאָזיקע בוך — א מצבה אויף זייער אומבאקאנטן קבר.

# אינהאַלט:

# יידן אין בעסאַראַביע

## (אַביסל כראָניק)

בעסאַראַביע איז אַ לאַנד וואָס פאַרנעמט אומגעפער אַ שטח פון 45 טויזנט קוואַדראַט־קילאָמעטער און איר באַפעלקערונג באַטרעפט מער־ווייניקער אַ דריי מיליאָן נפשות. פאַרצייטן איז זי געווען אַ טייל פון וואַלאַכיע און דער נאָמען אירער שטאַמט פון אַ דינאַסטיע פירשטן (וואַי־וואָדן) מיטן נאָמען בעסאַראַב, וואָס האָבן דאָרט געהערשט ביז אָנהייב 18טן יאָרהונדערט. דער ערשטער פון די דאָזיקע וואַיוואָדן איז געווען רודאָלף בעסאַראַב (דער שוואַרצער), וואָס איז דער גרינדער פונעם פּרינ־צנטום וואלאכיע. ער איז געשטאָרבן אין 1255. אַנדערע באַרימטע וואַיוואָדן פון דער דאָזיקער דינאַסטיע זענען געווען מירצא בעסאַראַב (1418—1322); מיכאַיל בעסאַראַב (דער „בראַווער״), וואָס האָט געהערשט פון 1592 ביז 1061; מאַטעי בעסאַראַב (1654—1633); און קאָנסטאַנטין בעסאַראַב (1714—1688), וואָס איז געווען דער לעצטע פון דער בעסאַראַבן־דינאַסטיע. ער איז הינגעריכטעט געוואָרן דורך די טערקן אין בוקאַרעשט אויף אַ מסירה פון פאַראַט קעגן זיי.

בעסאַראַביע, וואָס ציט זיך צווישן די טייכן דניעסטער און פּרוט, פון צפון צו דרום צו, האָט דורכגעמאַכט אַלע אינוואַזיעס און מלחמות וואָס זענען פאָרגעקומען אין די אוראַלטע צייטן, ביז צום לעצטן וועלט־קריג. זי געפינט זיך געאָגראַפיש אין אַ געגנט, ווו עס זענען דורכגעגאַנגען אַלע אינוואַזיעס פון די באַרבאַרן, די האָרדעס פון דזשענגיס כאַן און אַטילאַ און פון די טאָטערן, וואָס האָבן געהערשט אין רוסלאַנד עטלעכע הונדערט

יאָר. אויף דער בעסאַראַבער ערד זענען אויך פאָרגעקומען גרויסע מלחמות צווישן די רוסן, טערקן, טאַטערן, קאָזאַקן און אין לעצטן וועלטקריג זענען דאָרט פאָרגעקומען גרויסע שלאַכטן צווישן די רוסן פון איין זייט און רומענער און דייטשן פון דער צווייטער זייט.

פון די אוראַלטע צייטן אָן, איז בעסאַראַביע געווען אַ באַשטאַנדטייל פריִער פונעם פרינצנטום וואלאכיע און שפּעטער פון מאָלדאווא, דער מזרח־טייל פון דער היינטיקער רומעניע. אין 1812, נאָך דעם רוסיש־טערקישן קריג, איז זי אָפּגעריסן געוואָרן פון מאָלדאווא און איז איינגעגלידערט געוואָרן אין דער רוסיש־צאַרישער אימפּעריע. זי איז געווען אַ רוסישע פּראָווינץ ביז 1918, ווען זי איז, לויט אַן אינטערנאַציאָנאַלן אָפּמאַך, איי־בערגעגאַנגען צו רומעניע. אין 1940, נאָך דעם סאָוועטיש־דייטשן אָפּמאַך פון 1939, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע איבערפּאַרטיילונג פון די לענדער אין מזרח־אייראָפּע, האָט די סאָוועטישע אַרמיי צוריק פאַרנומען בעסאַראַביע. די דאָזיקע אָקופּאַציע האָט אָבער געדויערט קורץ, ווייל דעם 21סטן יוני פון 1941, ווען די דייטשע אַרמיי האָט אינוואַדירט דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָבן זיך די רוסישע קרעפטן צוריקגעצויגן פון בעסאַראַביע, וועלכע איז ווידער אָקופּירט געוואָרן פון די רומענישע און דייטשע אַר־מייען. די אָקופּאַציע האָט געדויערט ביז צום סוף פון צווייטן וועלט־קריג, ווען בעסאַראַביע איז צוריק אַריבער צום סאָוועטן־פאַרבאַנד, דאָסמאָל שוין נישט אונטער איר אַלטן נאָמען, אַלס אַ באַזונדערע פּראָווינץ, נאָר אַלס אַ באַשטאַנדטייל פון דער סאָוועטישער מאָלדאַווישער רעפּובליק וואָס נעמט אויך אַרום געוויסע טיילן פון דער לינקער זייט פונעם טייך דניעסטר, אין דער אַמאָליקער פּאָדאָליע. דאָס איז די קורצע געשיכטע פון בעסאַראַביע אין אַלגעמיין. אונדז אָבער, אינטערעסירט די געשיכטע פון די ייִדן אין בעסאַראַביע.



דער בראשית פון דער געשיכטע פון די ייִדן אין בעסאַראַביע איז איינגעהילט אין אַ נעפּל. קיינער קאָן נישט זאָגן אויף זיכער ווען ייִדן האָבן זיך דאָרט באַוויזן. אייניקע היסטאָריקער ווילן האָבן אַז ייִדן האָבן זיך געפונען אין בעסאַראַביע אַזוי פרי ווי מיט איבער טויזנט יאָר צוריק,

בעת דער מלוכה פון כוזרים (כאַזאַרן), וואָס האָט זיך געצויגן פון קאַווקאַז ביז צו די ברעגן פון שוואַרצן ים. אַזאַ מעגלעכקייט איז, פאַרשטייט זיך, נישט אויסגעשלאָסן, אָבער קיין ראַיעלע געשיכטלעכע באַווייזן זענען פאַר דעם נישטאָ.

וואָס עס איז אָבער יאָ זיכער איז, אַז דער ייִדישער ישוב אין בעסאַראַביע האָט זיך אָנגעהויבן אויסבילדן אַלס אַ מקום־מקלט פאַר ייִדן וואָס זענען פאַרפאָלגט געוואָרן אין אַנדערע לענדער, און דעם דאָזיקן כאַראַקטער האָט ער געטראָגן כמעט פאַר דער גאַנצער צייט ביז צו די לעצטע יאָרן. מיר זענען גענויגט צו גלויבן אַז די ערשטע ריכטיקע ייִדישע ישובים אין בעסאַראַביע, האָבן זיך אָנגעהויבן פאָרמירן אין פופצנטן אָדער זעכצנטן יאָרהונדערט פון ספרדישע ייִדן וואָס זענען נאָכן גירוש געקומען אַהין דורכן באַלקאַן. די דאָזיקע עווידענץ געפינט מען דווקא אין דער מאָלדאַוואַנישער שפּראַך ביים באַצייכענען געוויסע זאַכן פון ריין־ייִדישן כאַראַקטער. אַ שוחט, צום ביישפּיל, און יעדער אַנדער באַגריף פון אַ ייִדישן כלי־קודש, ווערט אין דער מאָלדאַוואַנישער שפּראַך אָנגערופן מיטן נאָמען „חכם" (כאַכאַם). דעם דאָזיקן נאָמען האָבן די געבירטיקע פון דעם דאָזיקע לאַנד נאָר געקאָנט נעמען פון די ספרדישע ייִדן, וואָס באַצייכענען זייערע גייסטיקע מנהיגים מיטן נאָמען „חכם". דאָס זענען אָבער בלויז השערות. קיין באַשטעטיקטע פאַקטן אַז די אַרויסגעטריבענע ייִדן פון שפּאַניע, וואָס זענען אָנגעקומען אויפן באַלקאַן, האָבן דערגרייכט ביז צו די ברעגן פון פּרוט און דניעסטער, זענען נישטאָ.

שוין ר' בנימין פון טאָלעדאָ דערציילט אין זיין באַרימטן בוך „מסעות בנימין", אַז אין 12טן יאָרהונדערט זענען ייִדן געלאָפן פון פאַרפאָלגונגען צו די וואַלאַכן, וואָס האָבן צו זיי אַרויסגעוויזן פריינטלעכקייט. די וואַלאַכן זענען נאָך אין יענער צייט געווען קנאַפּע קריסטן און האָבן נאָך נישט געוווּסט וועגן דער „קריסטלעכער ליבע" לגבי די ייִדן. די אמתע עווידענץ אָבער וועגן בעסאַראַביע אַלס מקום־מקלט פאַר ייִדן וואָס זענען געלאָפן פון פאַרפאָלגונגען און פּאָגראָמען, האָבן מיר אין די טראַגישע צייטן פון גזירות ת"ח ות"ט, ווען פון דער צווייטער זייט דניעסטער, אין אוקראַינע, האָט זיך געגאָסן טייכן ייִדיש בלוט דורך די שחיטות פונעם רוצח באָגדאַן כמעלניצקי. טויזנטער ייִדן זענען דעמאָלט אַנטלאָפן איבערן דניעסטער און

די נישט־ייִדישע באַפעלקערונג פון בעסאַראַביע האָט זיי אויפגענומען פריינטלעך און זיי געגעבן שוץ און מעגלעכקייטן אויפצובויען זייער צע־שטערט לעבן. אויך בעת דעם צווייטן אוקראַיִנישן אויפשטאַנד, בראש מיט די העטמאַנס גאָנטע און זשעלעזניאַק, וואָס איז באַגלייט געוואָרן מיט מוראדיקע שחיטות אויף ייִדן אין אוקראַיִנע, האָבן טויזנטער ייִדן זיך גע־ראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט אין בעסאַראַביע. ווען די דאָזיקע מאַסן־איבערלויפונגען פון אוקראַיִנישע ייִדן קיין בעסאַראַביע אויף צו ראַטעווען זיך פון טויט, זענען דאָ אויספירלעכע באַשרייבונגען און מען קאָן זיך כּשער זיין, אַז דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דעם ייִדישן ציבוריקן לעבן אין בעסאַראַביע.

פונדעסטוועגן, איז דאָס ייִדישע לעבן אין בעסאַראַביע געווען זייער אָרעם און באַשרענקט, ביז די פּראָווינץ איז איבערגעגאַנגען צו רוסלאַנד אין 1812. אין בעסאַראַביע האָבן דעמאָלט געוווינט, לויט באַגלויבטע קוועלן, אָרום פינף טויזנט ייִדן. זייער לעבן איז, לויט די זעלבע קוועלן, געווען אַן אָרעמס און פּרימיטיווס. ווייזט אויס, אַז די מערהייט ייִדן וואָס האָבן אין פאַרשידענע צייטן געפונען אַ מקום־מקלט אין בעסאַראַביע זע־נען נישט געבליבן וווינען דאָרט און האָבן ווייטער געוואַנדערט, אָדער זיך אומגעקערט אין זייערע אַלטע וווינערטער, ווען דער שטורם איז אַריבער. דער ייִדישער ישוב אין בעסאַראַביע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַנטוויק־לען, סיי לויט דער צאָל און סיי לויט דער קוואַליטעט, נאָך דעם וואָס די פּראָווינץ איז אַריבער צו רוסלאַנד, אַזוי אַז פון 1812 ביז 1897 איז די צאָל ייִדן אין בעסאַראַביע געשטיגן פון פינף טויזנט אויף 225.637 נפשות.

אָבער מערקווירדיק איז, אַז אויך דער דאָזיקער וווקס האָט זיך גע־נומען דערפון, וואָס בעסאַראַביע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מקום־מקלט פאַר טויזנטער ייִדן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון רוסלאַנד איבער אַ נייער גזירה. אין 1825, אין דער צייט פונעם צאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן, איז אַרויס די גזירה צו נעמען ייִדן אין מיליטער און עס האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן די טרויעריק־באַרימטע עפּאָכע פון די „כאַפּערס". אַזוי ווי די ייִדן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד דער נייער גזירה, פלעגן אַראָפּקומען אין די ייִדישע שטעטלעך ספּעציעלע „כאַפּערס" וואָס האָט מיט געוואַלד גענומען ייִדישע קליינע קינדער, וועלכע מען פלעגט פאַרשיקן אין די

וויטע גובערניעס צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. און ווען זיי האָבן דערגרייכט דעם עלטער פון מיליטער־דינסט, האָט מען זיי אָפּגעגעבן פאַר סאָלדאַטן אויף 25 יאָר. אין דער יידישער ליטעראַטור איז די דאָזיקע עפּאָכע פאַראייביקט געוואָרן דורך פאַרשידענע שרייבער, צווישן זיי י. ל. פּרץ, יהודה שטיינבערג, י. קאָטיק און אַנדערע, דורך די דערציילונגען פון די אַזוי־גערופענע „קאַנטאָניסטן". אין די יידישע שטעטלעך האָט די „כאַפּעריי" געשאַפן אַ זייער פּייַנלעכע לאַגע, ווייל די רייכע פלעגן דורך פאַרשידענע מעטאָדן, ווי כאַבאַר און תקיפות, זיך אויסדרייען און דאָס כפרה־הינדל זענען געווען די אָרעמע שיכטן.

אַזוי ווי בעסאַראַביע איז געווען פריי פון דער דאָזיקער גזירה, ווייל די רוסישע רעגירונג האָט ביים איבערנעמען ביי טערקיי די פּראָווינץ זיך פאַרפליכטעט נישט צו נעמען קיין סאָלדאַטן, זענען טויזנטער יידישע פאַמיליעס פון קיעווער און פּאָדאָליער גובערניעס, אַנטלאָפן קיין בעסאַראַביע, אויף צו ראַטעווען זייערע קינדער פון די „כאַפּערס". קיין האָניק האָבן די דאָזיקע יידישע פּליטים נישט געלעקט אין בעסאַראַביע, אָבער זיי זענען געווען מער־ווייניקער זיכער אַז מען וועט זייערע קינדער נישט „כאַפּן" צום מיליטער. זיי האָבן געלעבט אַן אָרעם און פּרימיטיוו לעבן, ווי עס האָט געלעבט די נישט־יידישע באַפעלקערונג, און על־פּי־רוב זיך אָפּגעגעבן מיט ערד־אַרבעט, מיט טאַבאַק־פּלאַנטאַציע, מיט האָדעווען שאָף און אַנדערע שווערע אַרבעטן.. אייניקע היסטאָריקער זענען ביי דער מיינונג, אַז די יידישע קאָלאָניעס אין בעסאַראַביע שטאַמען פון יענע צייטן ווען יידן זענען געצוווּנגען געווען צו לויפן זוכן פאַר זיך אַ מקום־מקלט און נישט מחמת די רוסישע רעגירונג האָט באַוויליקט צו קאָלאָניזירן יידן אין בעסאַראַביע.

די לעצטע טראַגישע עפּאָכע, ווען יידן זענען געלאָפן קיין בעסאַראַביע אַלס אַ מקום־מקלט, איז געווען נאָכן ערשטן וועלטקריג, ווען עס האָבן אין אוקראַינע געבושעוועט די פּאָגראָמשטשיקעס פון פּעטליורע, דעניקין, מאַכנאָ און אַנדערע יידן־מערדער. צווישן 1920 און 1923, איז בעסאַראַביע פאַרפלייצט געוואָרן פון צענדליקער טויזנטער יידן וואָס זענען פאַרצווייפלטע געלאָפן איבערן דניעסטר קיין בעסאַראַביע, וווּ זיי האָבן געפונען אַ צייטווייליקן מקום־מקלט און די ברייטהאַרציקע הילף פון זייערע

פאליק לערנער

ברידער. די בעסאַראַבער ייִדן האָבן אין יענער טראַגישער צייַט באמת אַרויסגעוויזן זייער גוטהאַרציקייט און זייער אחריות פאַר דעם אַלגעמיינעם ייִדישן גורל. סיי אין די ייִדישע שטעט און שטעטלעך און סיי אין דער הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ קעשענעוו, זענען דעמאָלט אָרגאַניזירט געוואָרן ברייטע הילפס־אַקציעס וואָס האָבן בשעתם געהאַט אַ טיפן אָפּ־קלאַנג אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט.

דאָס איז געווען די לעצטע פאַזע פון אָט דער ראָל וואָס בעסאַראַביע האָט געשפּילט אין דעם ייִדישן לעבן פון יענעם טייל מזרח־אייראָפּע. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט בעסאַראַביע ליידער נישט געקאָנט זיין קיין מקום־מקלט פאַר ייִדן וואָס זענען געלאָפן פון פאַרפאָלגונגען און שחיטות, ווייל זי אַליין, בעסאַראַביע, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טויט־לעכער פאַסטקע פאַר טויזנטער ייִדן וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן פון די נאַצי־רומענישע רוצחים. אַנשטאָט אַ מקום־מקלט, איז בעסאַראַביע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם ערשטן עטאַפּ צו די גהינומדיקע פייניקונג־לאַגערן וואָס די רומענישע מערדער האָבן געשאַפן פאַר די ייִדן אויפן לינקן ברעג פונעם דניעסטער, די טרויעריק־באַרימטע „טראַנסניסטריע“, אין אוקראַיִנע. הונדערטער טויזנטער ייִדן פון בעסאַראַביע און אַנדערע טיילן רומעניע זענען פאַרשיקט געוואָרן אין די דאָזיקע לאַגערן און צענד־ליקער טויזנטער פון זיי זענען דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן דורך שווערער אַרבעט און פייניקונגען. די גוטע בעסאַראַבער ייִדן, וואָס האָבן ביי פאַר־שידענע געלעגנהייטן אַרויסגעוויזן זייער טיף געפיל פון מענטשלעכער סאָלידאַריטעט, האָבן אין אַן עת־צרה נישט געפונען קיין אויסגעשטרעקטע האַנט, ווייל אויך זייערע ברידער פון אוקראַיִנע האָבן זיך געפונען אונטער דער מערדערישער אָקופּאַציע פון די נאַציס און רומענער.

# אַמאָליקע יאָרן

## (אַנשטאָט אַ הקדמה)

אַמאָל איז געווען... אַזוי הייבן זיך אָן אַלע שיינע מעשהלעך. אַזוי הייבן זיך אָן די מעשהלעך וואָס זענען על פּי רוב אויסגעטראַכט. דאָס אָבער וואָס מיר גייען איך דאָ דערציילן איז נישט קיין אויסגעטראַכט מעשהלע, נאָר אַן אמתע געשיכטע פון מענטשן, פון זאַכן, פון אַרבעט, פון לידער, פון גלויבן און האָפענונג, פון טרויער און פרייד, בקיצור — פון אַ לעבן וואָס איז געווען און איז מער נישטאָ. די „אַמאָליקע יאָרן" וועגן וועלכע עס איז די רייד, זענען גאָרנישט אַזוי ווייט ווי מען קאָן מיינען; אָבער אונדז ווייזט זיך אויס אַז דאָס וועגן וועלכן מיר וועלן דערציילן איז געווען מיט הונדערטער, מיט טויזנטער יאָרן צוריק. די געשטאַלטן און לאַנדשאַפטן וואָס זענען אין אונדזער זכרון אַזוי רעאַל, ווי מיר וואָלטן זיי ערשט נעכטן געווען געזען, ווייזן אונדז אויס אַזוי פאַנטאַסטיש, גלייך עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן געשטאַלטן און לאַנדשאַפטן פון תנ"ך, וואָס האָבן געלעבט מיט טויזנטער יאָרן צוריק און וועלכע מיר האָבן אַזוי רעאַל און פאַנטאַסטיש איבערגעלעבט אין אונדזער פריִער יוגנט. די דאָזיקע „אַמאָליקע יאָרן", וואָס זענען שוין ווייט פון אונדז, סיי אין צייט און סיי אין ממשותדיק לעבן, ברויזן נאָך פונדעסטוועגן אין אונדזער בלוט ווי אַ מיסטעריעזע קראַפט וואָס פאַרענדיקט זיך קיינמאָל נישט. די מענטשן און לאַנדשאַפטן וואָס מיר האָבן דעמאָלט געזען און די חלומות וואָס מיר האָבן געחלומט זענען פריש אין אונדזער זכרון, טראָץ די צענדליקער יאָרן וואָס זענען זינט דאַן אַריבער... מיר זעען דעם דאָזיקן אַמאָל ווי אַ מעכטיק־

צעבליטן בוים, וועלכער איז אויף אַ פאַרעטערישן אופן אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל פון אַ ווילדן שטורעם... דער בוים ליגט איצט אַ טויטער, אָבער מיר זעען אים פון יענע צייטן ווען ער האָט געלעבט און געבליט.

***

דאָס שטעטל איבער וועלכן מיר וועלן אייך אומפירן אין משך פון דער דאָזיקער עקסקורסיע איבער דעם אַמאָל, איז שוין נישטאָ מער. אַמאָל, איז דאָס געווען אַ לעבעדיקע און פולבלוטיקע ווירקלעכקייט; איצט, איז פון דעם אַלעמען געבליבן נישט מער ווי אַ שאָטן, אַ מיראַזש, דורך וועלכן אונדזער פאַנטאַזיע באַמיט זיך אויפצוהאַלטן די פאַרגאַנגענהייט אין איר פולן רעאַלן אויסזען. מיר געפינען זיך אין דער זעלבער לאַגע וואָס עס מאַכט דורך אַ בלאָנדזשענדיקער, צעפייניקטער וואַנדערער אין דער מדבר, וואָס באַמיט זיך איבערצושטעלן אין זיין קרענקלעכער פאַנטאַזיע בליענדיקע אָאַזיסן, וועלכע זענען אינדעראמתן נישט בנמצא. צו וואָס דען קאָנען מיר צוגלייכן אונדזער לאַגע, אויב נישט צו אַ מדבר, איבער וועלכן עס האָט זיך דורכגעטראָגן אַ שטורעמווינט, איינער פון יענע שטורעמס וואָס ווישט אָפּ אַלץ און לאָזט נאָך זיך נישט מער ווי חורבן און פאַרוויסטונג?

אפשר איז נאָך געבליבן אַ טייל פון די הייזער, אין וועלכע עס האָבן געוווינט די ייִדישע איינוווינער פונעם שטעטל. מעגלעך אַז עס זענען נאָך פאַרבליבן אַנדערע סימנים אַז דאָס איז אַמאָל געווען אַ ייִדישער ישוב. אפשר איז נאָך פאַרבליבן איינע פון די פינף שילן, אין וועלכע די ייִדן פונעם שטעטל פלעגן קומען מתפלל זיין צו זייער גאָט. עס קאָן זיין אַז נישט מער ווי איין וואַנט פון די דאָזיקע בתי־תפילה איז געבליבן שטיין ווי אַ זכר לחורבן. אפשר זענען געבליבן אייניקע מצבות אויפן אַלטן בית־עולם, וואָס דערציילן מיט זייערע „פּ. נ.״ס אַז אין דעם שטעטל זענען אַמאָל געווען לעבעדיקע ייִדן. מיר זאָגן „אייניקע מצבות״, ווייל מיר ווייסן אַז די מאָדערנע באַרבאַרן וואָס האָבן זיך געוואָרפן אויפן שטעטל האָבן דאָרט געפּראַוועט „ציוויליזאַציע״ און געלאָזט אויסברוקירן די גאַסן מיט די מצבות פונעם אַרטיקן בית־עולם, וועלכע די צום טויט־פאַרמשפטע ייִדן האָבן געמוזט שלעפּן אונטער דער בייטש פונעם נוגש, פונקט ווי

פּאַרצייטן די ייִדן אין מצרים. אפשר איז פון דעם אַלעמען גאָרנישט געבליבן, נאָר עס וואָלגערן זיך ערגעץ איינזאַמע שמות פון צעריסענע ספרים, וואָס לאָזן נישט פאַרגעסן אַז איבער יענע וועגן זענען אַמאָל אומגעגאַנגען ייִדן.

מעגלעך אַז איינער פון די דאָזיקע סימנים דערמאָנט אַז דאָרט איז געווען אַ ייִדישער ישוב, אָבער דאָס שטעטל, אַלס אַזעלכעס, עקזיסטירט שוין מער נישט. אייב עס עקזיסטירט, איז דאָס אין אונדזער דמיון, אין דעם דמיון פון די וואָס זענען דאָרט געבוירן געוואָרן, זענען דאָרט אויסגעוואָקסן און געאָטעמט מיט דעם עכט־ייִדישן לעבן און — וואָס זענען די לעצטע וואָס קאָנען עפּעס דערציילן פונעם אַמאָל, פון דעם אַמאָל וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן. לאָמיר דערציילן וואָס מיר ווייסן און געדענקען פון דעם דאָזיקן ייִדישן אַמאָל.



דאָס שטעטל — ווערטוזשען איז דער נאָמען דערפון — איז געווען איינע פון דער קייט ייִדישע קאָלאָניעס, וואָס זענען געגרינדעט געוואָרן אין בעסאַראַביע אין פאָריקן יאָרהונדערט, ווען דער צאַר ניקאָלאַי דער ערשטער האָט באַשלאָסן צו קאָלאָניזירן דאָס לאַנד וואָס איז אַריבער צו רוסלאַנד נאָך דער מלחמה מיט טערקיי. דער בראשית פון דער דאָזיקער קאָלאָניזאַציע, איז אַ כמעט־אומבאַקאַנט קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די ייִדן אין דרום־רוסלאַנד, אָבער דער שרייבער פון די שורות האָט נאָך פאַרכאַפּט ייִדן וואָס זענען געקומען אַלס קינדער פון די ערשטע קאָלאָניסטן. הערש שניידער, אַ ייִד מיט אַ שניי־ווייסער באָרד פון אַריבער אַכציק יאָר, פלעגט ליב האָבן צו דערציילן פון „יענע צייטן״, ווען מען האָט ביינאַכט מורא געהאַט אַרויסצוגיין אינדרויסן, ווייל מען האָט געקאָנט „צעריסן ווערן״ פון ווילדע חיות. ער פלעגט ליב האָבן איבערצודערציילן אַ „מעשה נורא״, ווי ער און זיין ייִנגערער ברודער ראובן, וואָס איז שוין אויך געווען אַן אַלטער ייִד, זענען אַמאָל פאַרפאַלן געוואָרן צווישן דער געדיכטעניש פון די אַרומיקע בושענוועלדער און בוריאַנעס און מען האָט זיי קוים אָפּגעזוכט. אַזעלכע ייִדן, גרייז־גראָע זקנים, וואָס

האבן אויסגעזען ווי אלטע שטארקע דעמבעס, זענען געווען א סך אין שטעטל און זיי פלעגן דערציילן מעשיות און אויפפרישן פאסירונגען פון אמאל, ווען דאס שטעטל איז נאך געווען אין די וויקעלעך. עס איז באמת א שאד וואס קיינער האט זיך גענומען די מי צו פארשרייבן דאס וואס די דאזיקע אלטע לייט האבן דערציילט פון דער ווייטער פאר־גאנגענהייט פון א ווינקל פון יידישן לעבן, וואס האט זיך טיילווייז געפונעןביים ראנד פון דעם ברייטן שליאך, דורך וועלכן עס זענען דורכגעגאנגען די וויכטיקסטע יידישע געשעענישן פון מזרח־אייראפע, זינט יידן האבן זיך באזעצט אויף דער קרקע בתולה פון דער שווארצער ערד און זי באארבעט ווי ערלעכע הארעפאשניקעס.

אוודאי איז וויכטיק געווען אזא איניציאטיווע, בכדי צו האבן א מער־קלארערע פארשטעלונג וועגן דעם בראשית פון דעם יידישן לעבן אין בעסאראביע; דער אמת איז אבער, אז מען האט נישט געדארפט אנ־קומען צו דער ווייטער פארגאנגענהייט, צום גאר אמאליקן עבר, אויף צו וויסן אז יידן האבן אין דער מערהייט בעסאראבישע שטעטלעך גע־לעבט ווי עכטע הארעפאשניקעס, ווי יגיע־כפיימניקעס, א סך, א סך פריער נאך איידער עס זענען אין דעם יידישן לעבן אויפגעקומען די אידעען און לאזונגען פון דער אזויגערופענער פראדוקטיוויזאציע פון די יידישע מאסן, לאזונגען וואס זענען מיט דער צייט געווארן דער קנין פון פאליטישע באוועגונגען און פון פארטייען. אין די זכרונות פון מיין פריער קינדהייט און פון מיין יוגנט, פרעדאמינירט דאס בילד פון שווערער הארעוואניע און פון טאג־טעגלעכן קאמף וואס איך האב שטענדיק געזען ארום זיך, נישט נאר ביי דער נישט־יידישער באפעלקערונג, נאר דווקא ביי יידן. דאס שטעטל איבער וועלכן מיר גייען מאכן די עקסקורסיע, האט געהאט אן אויסשליסלעך יידישע באפעלקערונג, אויב מען זאל נישט רעכענען די עטלעכע „גויישע" משפחות וואס האבן געוווינט אין שטעטל און האבן עס באזארגט מיט „שבת־גוים", וואסערטרעגער, וועשניצעס און סתם באדי־נערס און דינסטמיידלעך אין די גבירישע הייזער. בכל אופן, זענען די דאזיקע גוים געווען אן ארגאנישער באשטאנדטייל פונעם יידישן לעבן אין שטעטל, זיי האבן אלע גערעדט יידיש „ווי א וואסער", האבן זיך

געקליידט ווי ייִדן און זענען געווען בקי אין ייִדישע מנהגים און פּירעק־צער, נישט ווייניקער ווי ייִדישע קינדער.

יאָ, אַ בילד פון שווערער ייִדישע פּראַצע און האַרעוואַניע געדענקט זיך מיר פון מיין סאַמע פריסטער קינדהייט, זינט איך בין געקומען צום שכל. דאָס שטעטל, איבער וועלכן עס וועט אויסקומען אומצוגיין, האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל ייִדישע טיטון־פּלאַנטאַטאָרס — אַ פאַרשפּרייטע ייִדישע באַשעפטיקונג אין בעסאַראַביע — וואָס האָבן געאַרבעט ממש קאַטאָרזשנע אַרבעט אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר אויף צו ציִען חיונה. און געאַרבעט האָט די גאַנצע משפּחה, אין פולסטן זינען פון וואָרט. — דער מאַן, דאָס ווייב און די קינדער. איך ווייס נישט צי מען האָט ערגעצוו — אויסער אין ארץ־ישראל — געזען ייִדישע מיידלעך אַזוי אַרבעטן אין פעלד ווי אין די ייִדישע שטעטלעך פון בעסאַראַביע. ביי אונדז אין שטעטל זענען געווען ייִדישע מיידלעך, וואָס זענען געווען אמתע „טשעמפּיאָנקעס״ אויפן געביט פון „זעצן״, „פּראשעווען״ און „סילן״ טיטון. פון ייִדישע בחורים וואָס זענען געווען אויסגעפּרוווטע ערד־אַרבעטער, איז דאָך אָפּ־גערעדט. און דאָס זענען נישט געווען קיין פּראָדוקטן פון אַ געמאַכטער, קינסטלכער „הכשרה״, נאָר פויערים־קינדער, וואָס האָבן די ליבע צו דער ערד־אַרבעט געטראָגן ממש אין זייער בלוט. דאָס זענען געווען קינדער, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין היימען פון פויערים, זענען אויסגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין דער סביבה פון אַרבעט און זענען זייער גאַנץ לעבן געבליבן צוגעבונדן צו דער ערד, פּונקט ווי אַ בוים איז צוגעוואַקסן מיט זיינע וואָרצלען צו דער מאַמע־ערד. איך האָב זיי געקענט, די דאָזיקע פויערים־קינדער, בין אויסגעוואַקסן צוזאַמען מיט זיי, האָב געזען זייער שווער אָבער געזונט און פולבלוטיק לעבן, און דערפאַר זע איך זיי איצט אין מיין דמיון ליגן ווי די אונטערגעהאַקטע ביימער, איבער וועלכע עס איז אָן שום רחמנות דורכגעגאַנגען די שאַרף פון דער האַק. איך הער ווי די מאַמע־ערד, וועלכע זיי האָבן מיט אַזויפיל ליבשאַפט באַאַרבעט, געאַקערט און געזייט, הערט נישט אויף צו יאָמערן און וויינען ווען זי פאַרוויגט זיי טאָג־טעגלעך אין איר שויס, ווו זיי האָבן געפונען מנוחה, נאָך די אומבאַשרייבלעכעליידן וואָס מען האָט זיי פאַרשאַפט — אָן אַ

פאַרוואָס. יאָ, איך הער ווי די בעסאַראַבער ערד באַוויינט אירע ייִדישע קינדער.

אַוודאי איז דער אַרבעטס־אופן פון די ייִדישע פּויערים אין בעסאַראַביע געווען פּונקט אַזוי פּרימיטיוו ווי דער פון די נישט־ייִדישע פּויערים. אַלס ייִדן אָבער, האָבן זיי געלעבט אַנדערש ווי דער נישט־ייִדישער פּויער. זיי האָבן געהאַט דאָס וואָס מען רופט אַ „העכערן לעבנס־ניוואָ", אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, זיי האָבן געגאַרט צו אַ העכערער מדרגה, וואָס האָט זיי אין אַ גרויסער מאָס אונטערשיידט פון דער אַרומיקער נישט־ייִדישער סביבה. עס איז פונדעסטוועגן אַ ספק, צי איז נאָך ערגעץ־וווּ געווען אין דרום־מזרח־איראָפּע אַ ייִדישער ישוב וואָס האָט זיך אַזוי אידענטיפיצירט מיט דעם לעבנסשטייגער פון דער נישט־ייִדישער סביבה, ווי אין בעסאַראַביע. אין מיין זכרון טויכן אויף געשטאַלטן פון ייִדן, נישט ווי איך האָב זיי געזען אין די שבתים און ימים טובים, ווען זיי פלעגן אויף זיך אַרויפציִען די ספּעציפישע ייִדישע גייסטיקייט און זיך באַמיִען צו אָטעמען מיט דער ייִדישער נשמה־יתירהדיקייט, נאָר אין זייער וואָכעדיקער וואָר, ווען זיי האָבן געלעבט זייער נאַטירלעך, אומיטלבאַר לעבן פון בעסאַראַבער ייִדן, ענלעך אויף דעם לעבן פון דעם אָרטיקן מאָלדאַוואַנישן פּויער, פּשוט, אָרנטלעך, אָן שום איבעריקע דריידלעך און חכמות. די דאָזיקע ייִדן, כאָטש זיי זענען אין זייער אינטים־טראַדיציאָנעלן און רעליגיעזן לעבן געווען צוגעבונדן און איינגעוועבט אין דעם כלל־ישראל, זענען אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן געווען אמתע נאַטור־קינדער פון דער בעסאַראַבער ערד, פּונקט ווי אירע נישט־ייִדישע קינדער.

ווי האָט אויסגעזען דאָס צוזאַמענלעבן צווישן ייִד און גוי אין בעסאַראַביע? וועגן דעם איז בייטיק עפּעס צו זאָגן, ווייל די וואָס זענען נישט באַקאַנט מיט דעם געוועזענעם ייִדישן לעבן אין בעסאַראַביע, האָבן וועגן דעם אַ פאַלשע פאָרשטעלונג. דער טרויעריק־באַרימטער קעשענעווער פּאָגראָם פון 1903, וואָס האָט בשעתו באַקומען אַזאַ טראַגישן אָפּקלאַנג אין דער ייִדישער וועלט, האָט געשאַפן דעם איינדרוק אַז דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון דער באַציִונג וואָס די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט געהאַט צו די ייִדן. דער אמת איז אָבער, אַז דער דאָזיקער פּאָגראָם (ווי נישטיק ער זעט אונדז היינט אויס אין דעם שפּיגל פון די טראַגעדיעס וואָס אונ־

זייער פּאָלק האָט שפּעטער איבערגעלעבט!) איז געווען די אַרבעט פון דער רוסישער נאַטשאַלסטוואָ, מיט דער הילף פון דער אונטערוועלט. אַמווייניקסטנס האָט זיך אין אים באַטייליקט דער מאָלדאַוואַן, דאָס הייסט, דער אויטענטישער ניט־ייִדישער אזרח פון בעסאַראַביע, וואָס האָט שטענדיק געלעבט מיטן ייִדן אין פריינטלעכע און גוטע באַציִונגען. בכלל, איז זעלטן ווו צו געפינען אַזאַ גוטהאַרציקן, גאַסטפריינטלעכן און אָרנטלעכן מענטשן ווי עס איז דער מאָלדאַוואַן פון בעסאַראַביע. ער איז פון תמיד אָן געווען דאָס האַרציקע נאַטור־קינד וואָס קאָן קיינעם קיין שלעכטס נישט טון, אויב מען באַגייט נישט קעגן אים קיין עוולה.

איך פערזענלעך, געדענק נישט אַז איך זאָל ווען עס איז האָבן געזען אַ האַנדלונג פון אַ מאָלדאַוואַן, הינטער וועלכער עס זאָל האָבן געווען באַוווּסטזיניקע בייזוויליקייט אָדער אויסגערעכנטע כוונה עמיצן שלעכטס צו טון. די שלעכטע אויסנאַמען אין דעם זין, זענען געווען די עלעמענטן וואָס האָבן זיך דערצויגן אויף דער אַמאָליקער צאַרישער רעאַקציאָנערער און אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק און שפּעטער אויף דער רומעניש־אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס האָט אין משך פון די איבער צוואַנציק יאָר הערשאַפט אין בעסאַראַביע באַוויזן צו שאַפן אַ היבשע שאָוויניסטישע אינטעליגענץ צווישן די מאָלדאַוואַנישער יוגנט. די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער השפּעה האָבן זיך געלאָזט פילן אין די מאָמענטן ווען דאָס בעסאַראַבער ייִדנטום האָט איבערגעלעבט די טראַגעדיע פון דעם צווייטן וועלטקריג. די דאָקומענטן וואָס מתתיהו קאַרפּ ברענגט אין זיין בוך „טראַנסניסטריע“, באַשטעטיקן אַז די דאָזיקע פּראָפּאַגאַנדע האָט אויך באַוויזן צו פאַרוואַנדלען אַ טייל פון דער מאָלדאַוואַנישער באַפעלקערונג אין ווילדע חיות.

דאָס האָט אָבער פּאַסירט לעצטנס; אַמאָל איז געווען אַנדערש. דער מאָלדאַוואַן איז בדרך־כלל געווען אַ פּשוטער, אָרנטלעכער מענטש און דער ייִד האָט פון אים איבערגענומען אַט־די גוטע מידות. דאָס צוזאַמענלעבן צווישן ייִד און גוי איז געווען אַ פריינטלעכס. איך האָב געקענט מאָלדאַוואַנעס וואָס האָבן געהאַנדלט מיט ייִדן אויף גרויסע טויזנטער, אָן שום דאָקומענטן — אויפן וואָרט. געווען אַ סך מאָלדאַוואַנישע פּויערים וואָס פלעגן זיך קומען האַלטן אַן עצה מיט זייערע באַקאַנטע ייִדן ווען

גאָר אינטימע משפּחה־ענינים, ווי אַ שידוך למשל. איך געדענק ווען קאָסטאַקע רודניטשאַן, אַ בכבודיקער פּויער פונעם נאָענטן דאָרף זאַלו־טשעני (ייִדן האָבן עס גערופן זאַלעשען) איז געקומען פרעגן אַן עצה ביי אברהם־הערש בערשטיין, אַ באַקאַנטער שניט־קרעמער, צי ער זאָל זיך מתחתן זיין מיט וואַסיליקע טשאָבאַן, וואָס איז געווען רייכער פון אים, אָבער פון קלענערן יחוס, ווי אים האָט זיך אויסגעדאַכט. דאָס געבן ייִדן געלט אויף פּראָצענט אָן געעשריבענע דאָקומענטן, איז געווען אַ נאַטיר־לעכע זאַך ביי די בעסאַראַבער פּויערים, פּונקט ווי עס איז פאַר זיי געווען נאַטירלעך צו באַשטעלן אַ פּאָר שטיוול ביי די שטעטלשע שוסטערס, אָדער זיך אויפנייען אַ „סוקמאַן" אָדער אַ ווייבעריש קליידל ביי די שניי־דערס פונעם שטעטל.

דאָס לעבן פונעם שטעטל, אויסער נאַטירלעך די אינטים־ייִדישע, ענינים, איז געווען געקנופּט און געבונדן מיט דעם נישט־ייִדישן לעבן פון דער סביבה. דאָס שטעטל איז געווען דער קאָמערציעלער און „אינדוס־טריעלער" צענטער פון אַזעלכע 25 דערפער וואָס האָבן עס אַרומגע־רינגלט. דער יאַריד, וואָס פלעגט זיך שטעלן אַלע דינסטיק, די מאַרק־טעג פון די זונטיקס און גוישע חגאות, די גויעס וואָס פלעגן טאָג־טעגלעך קומען אין שטעטל אַריין פאַרקויפן אַ פּאָרל עופות, עטלעכע טוץ אייער אָדער אַ בינטל פּאַפּשויענע גרויפּן אָדער מעל, זענען געווען דער אמתער אויסדרוק פון אַן אָרגאַנישן צוזאַמענלעבן צווישן ייִד און מאָלדאַוואַן. אפילו דאָס טיפּישע דינגען זיך, ווען ייִד און גוי האָבן געדאַרפט שליסן עפּעס אַ „טראַנזאַקציע", האָט געהאַט אין זיך עפּעס פון דעם געמישטן ייִדיש־מאָלדאַוואַנישן לעבנסשטייגער. וואָס פאַר אַ פּנים, מישטיינס־געַ־זאָגט, וואָלט שוין געווען געהאַט דער גאַנצע משא־ומתן, ווען מען וואָלט פריִער נישט געווען אָפּגעשפּילט די טיפּישע סצענע פון דינגען זיך, צו־קלאַפּנדיק דערביי קעגנזייטיק מיט די הענט?

אַפילו אַ ייִדישע חתונה אין שטעטל האָט נישט געקאָנט אויסמיידן דעם נישט־ייִדישן מאָמענט. קיין ייִדישע כלי־זמרים זענען ביי אונדז אין שטעטל נישט געווען, פלעגט מען אַראָפּברענגען מאָלדאַוואַנישע קאַפּעליעס פון די נאָענטע דערפער און, זיי, מיט זייערע טיפּישע „וואָלעכלעך", „בול־גאַריאַסקעס", „פּאָרניאַלעס" און דאָינעס, האָבן דער ייִדישער חתונה אַרויפ־

געצווונגען דעם כאַראַקטער פון אַ מאָלדאוואנישן „זשאָק״*). ייִדן האָבן גע־טאַנצט לויט דער מוזיק פון מאָלדאוואנישע כלי־זמרים, האָבן זיי עס במילא געמוזט מאַכן ווי די מאָלדאוואנעס. דאָס טראַדיציאָנעל ייִדישע געבעקס, דער לעקעך, דאָס קאָמיש־ברויט, דער „באַקעלוואַ״, די גאָל־דענע יויך (ביי אונדז אין בעסאַראַביע האָט מען געזאָגט „יוך״) פון דער חופה־וועטשערע, דאָס אויסרופן דרשה־געשאַנק און די ייִדישע ברכות, האָבן זיך אויסגעמישט מיט דער טיפיש־מאָלדאוואנישער מוזיק און מיט די מאָלדאַוואַנישע טענץ און עס האָט זיך דערפון געשאַפן די אייגנאַר־טיקייט פון אַן עכט ייִדיש־בעסאַראַבער חתונה, וועלכע איז אין אַנדערע ייִדישע ישובים נישט געווען באַקאַנט.

ייִדישע חתונות אין בעסאַראַביע זענען געווען אַ שם־דבר פון שמחה און חדווה און אָפטמאָל האָט אַזאַ חתונה געדויערט אַ וואָך צייט און אַפילו לענגער. עלטערע מענטשן פלעגן דערציילן פון חתונות, וואָס זענען געווען אַן אמתע קייט פון שמחות און הוליאַנקעס, וווּ ווייַן האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. איך אַליין געדענק אַ חתונה וואָס האָט געדויערט אַ וואָך צייט. דאָס איז געווען ווען אהרן יאָסל לייבעלעס, אַ ייִד אַ גביר, האָט חתונה געמאַכט זיין בת־יחידה, חיהקעלע. אַ וואָך צייט האָט מען געפּראַוועט אָנבייסנס מיט וועטשערעס און געטרונקען ווייַן פון די אייגענע „זשיִעס״ (ווייַנגערטנער) און געגעסן מאַמעליגע מיט קעז און פּוטער. מיין מוטער פלעגט דערציילן, אַז זי האָט אַליין, מיט אירע אייגענע אויגן אַמאָל געזען קלמן לייבעלעס, אַ ייִד וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע „זשיִע״, טאַנצן אויפן דאַך פונעם הויז, אַנהאַלטנדיק זיך ביים קוימען, בעת איינער פון די דאָזיקע חתונות. עס איז אין דעם נישט געווען קיין שום גוזמא. איך אַליין האָב נאָך פאַרכאַפּט ייִדישע חתונות אין שטעטל, ווען עס האָט געפעלט ווייניק אַז די צעיאָכמערטע מחותנים זאָלן גיין טאַנצן אויפן דאַך.

*****

דאָס איז געווען אַמאָל. די צייט האָט אָבער געטון אירס, אויך דאָס ייִדישע לעבן אין בעסאַראַביע האָט זיך אָנגעהויבן ענדערן אונטער די נייע

*) זשאָק — טאַנץ.

אומשטענדן און געבאָטן. די ערשטע פונדאַמענטאַלע ענדערונג אין בעסאַ־ראַביע, און פאָלגלעך אין דעם יידישן לעבן פון יענעם לאַנד צווישן דעם פרוט און דניעסטער, איז פאָרגעקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען רומעניע האָט, לויט דעם פרידנס־אָפּמאַך, אַנעקסירט בעסאַראַביע, וואָס האָט איבער הונדערט יאָר זיך געפונען אונטער רוסישער הערשאַפט. טראָץ דער דראַסטישער רוסיפיקאַטאָרישער פּאָליטיק פון דעם צאַרישן רעזשים, האָט זיך איר נישט איינגעגעבן צו ענדערן דעם אייגנטימלעכן כאַראַקטער פון דער בעסאַראַבער באַפעלקערונג, וואָס איז אין איר גרעס־טער מערהייט געווען אַ מאָלדאַוואַנישע, לויט דער שפּראַך און לויט דעם לעבנסשטייגער, דאָס הייסט, נאָענט צו דער רומענישער, איבערהויפּט צו דער פון מאָלדאַוואַ, דער מזרחדיקער טייל פון רומעניע. ווירטשאַפטלעך אָבער, איז בעסאַראַביע אין משך פון איבער הונדערט יאָר געוואָרן אַן איינגעגלידערטער באַשטאַנדטייל פון דער רוסישער אימפּעריע און דאָס איבערגיין צו רומעניע האָט זיך באַלד אָפּגערופן אויף איר עקאָנאָמישער לאַגע, איבערהויפּט אויף דער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז אין אַ גרויסער מאָס געווען — געוואָרן די לעצטע יאָרן פון דער רוסי־שער הערשאַפט — דער פאַרמיטלערישער שיכט פונעם לעבן אין בעסאַ־ראַביע. דער נאַטירלעכער קריזיס וואָס האָט זיך געשאַפן פון דער דאָזי־קער ענדערונג און די אויסגעשפּראָכן אַנטי־יידישע פּאָליטיק פון דעם נייעם רעזשים — דעם רומענישן — האָבן אונטערגעגראָבן דעם סאָלידן באָדן פון דעם יידישן ישוב אין בעסאַראַביע. ווען דער דאָזיקער באָדן — איבער־הויפּט אין עקאָנאָמישן זין — האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו סטאַביליזירן אין הסכם מיט די נייע אומשטענדן, איז אונטערגעקומען דער נייער שטור־רעם, וואָס האָט אָנגעזאָגט די נייע וועלט־קאַטאַסטראָפע, און וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צום יידישן לעבן אין בעסאַראַביע אַלס אַ טייל פון דעם יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע בכלל. איצט, אונטער דעם סאָוועטישן רעזשים, געהער דאָס יידישע לעבן אין בעסאַראַביע, אויף וויפל עס איז עפּעס געבליבן פון דעם נאָך דער גרויסער קאַטאַסטראָפע, צו דער אַלגע־מיינער טראַגעדיע פונעם רוסישן יידנטום, וואָס לעבט, פון יידישן קוק־ווינקל, אָפּגעריסן פון דעם איבעריקן טייל פון יידישן פאָלק, איזאָלירט, ווי אין אַ גרויסער גייסטיקער תפיסה.

## אַ בעסאַראַבער שטעטל

דאָס יִדישע שטעטל פון בעסאַראַביע, ווי דאָס יִדישע שטעטל בכלל אין מזרח־איראָפּע, איז אונטערגעגאַנגען. דער יִדישער אַמאָל, פול מיט אַזויפיל עכטן לעבנשטייגער, גייסטיקע שיינקייט, מאָראַלישע שטאַרקייט און גאַנצקייט, דראנג צו עקזיסטירן און ציִען ווייטער דעם גאָלדענעם פאָדעם פונעם יִדישן פאָלק, פּיין און האָפענונג, פאַרפאָלגונג און בטחון און דער עיקר — גלויבן אָן אַ שיעור, דער דאָזיקער יִדישער אַמאָל פונעם בעסאַראַבער שטעטל איז מער נישטאָ. ער לעבט נאָך ביי אונדז אין דמיון און פון דעם דאָזיקן דמיון וועלן מיר פּרווון איבערגעבן געוויסע בילדער, לאַנדשאַפטן און געשטאַלטן פון דעם געוועזענעם יִדישן שטעטל אין בעסאַראַביע — פון די אַמאָליקע יאָרן...

# „שטיאפּ“

## (אַ געשענדעט שטעטל)

דאָס שטעטל האָט געהאַט אַ נאָמען — ווערטוזשען — אָבער גערופן האָבן עס די מאָלדאַוואַנער פון דער סביבה — „שטיאפּ“. ווען מען האָט אַ פּויער פון דער אומגעגנט געפרעגט: „אונדע טע דוטש“ — (ווהין פאָרסטו, ווהין גייסטו?) — האָט ער געענטפערט :„לאַ שטיאפּ“ (אין סטעפּ אַריין). „שטיאפּ“ איז די מאָלדאַוואַנישע ווערסיע פון סטעפּ. אויך ייִדן האָבן דאָס שטעטל גערופן „דער סטעפּ“. דער דאָזיקער צונאָמען האָט ווייזט אויס געשטאַמט גאָר פון די ערשטע צייטן, ווען דאָס שטעטל איז געגרינדעט געוואָרן, צוזאַמען מיט דער גאַנצער קייט ייִדישע קאָלאָניעס אין בעסאַראַביע. ווייזט אויס אַז די געגנט — אגב איינע פון די שענסטע לאַנדשאַפטן וואָס איך האָב ווען עס איז געזען — ווו דאָס שטעטל האָט זיך געפונען, האָט אַמאָל געמוזט זיין אַ פאַרווילדעוועטע, פוסטע קרקע בתולה, ווען ייִדן האָבן זיך דאָרט באַזעצט און דערפון האָט זיך גענומען דער נאָמען „סטעפּ“.

אַ צווייטער מאָטיוו פאַרוואָס מען האָט דאָס שטעטל גערופן „סטעפּ“ איז אפשר געווען דאָס, וואָס אַן ערך פינף קילאָמעטער צו דרום צו האָט זיך געפונען אַ דאָרף מיט דעם זעלבן נאָמען — ווערטוזשען. דאָס דאָזיקע דאָרף האָט געהערט צו אַ פריץ — מילעגי — וואָס איז געווען דער אייגנטימער פון נאָך אייניקע דערפער פון דער געגנט. אויך דער וואַלד וואָס ביים שטעטל האָט געהערט צו דעם דאָזיקן גוטסבאַזיצער. ווייזט אויס, אַז די לענדערייען אויף וועלכע די ערשטע ייִדישע קאָלאָניסטן זענען באַזעצט געוואָרן,

האָבן אויך געהערט צו דעם פּריץ איידער מען האָט זיי אָפּגעקויפט פאַר קאָלאָניזאַציע. אין דער אָפיציעלער טערמינאָלאָגיע איז דער חילוק צווישן דעם שטעטל ווערטוזשען און דעם דאָרף ווערטוזשען געווען, וואָס דאָס ערשטע האָט מען גערופן „קאָלאָניאַ" און דאָס צווייטע „סעלאָ" (דאָרף, אין ריסיש). אין רומעניש, האָט מען דאָס שטעטל גערופן „קאָמונאַ". אומאָפּיציעל אָבער, האָבן די פּויערים גערופן דאָס דאָרף ביים נאָמען און דאָס שטעטל — „שטיאָפּ".

אין מיינע צייטן, האָט דאָס שטעטל און די אומגעגנט מיט גאָרנישט געגעבן אָנצוהערן אַז אַמאָל איז דאָ געווען אַ סטעפּ. פּונקט פאַרקערט — אַלץ איז דאָ געווען דער סאַמע היפּוך פון דעם וואָס מען פאַרשטייט אונטערן באַגריף „סטעפּ". אויב סטעפּ איז דער סינאָנים פון אומענדלעכער, וויסטער ווייטקייט, איז דאָ אַלץ געווען אינטימע, קאָנצענטרירטע פּרוכטבאַרקייט. די לאַנדשאַפט וואָס מ'האָט אָנגעזען פון אַלע זייטן — די געגנט איז באַשטאַנען פון בערג און טאָלן — איז געווען די הערלעכקייט אַליין. צו מערב, צפון און דרום זייט פונעם שטעטל, האָבן זיך אויסגעשפּרייט פּרוכטבאַרע שוואַרצערדיקע פעלדער, וואָס זענען זומער געווען באַדעקט מיט אַלערליי תבואות, ווי ווייט דאָס אויג האָט געקאָנט זען. באַזונדערס פּרעכטיק זיינען געווען די אומענדלעכע שטרעקעס פאַרזייט מיט זונען־רויזן (סאָנעשניק) פון וועלכע מען פלעגט אין אונדזערע קאַנטן מאַכן בוימל. אין אונדזער געגנט האָט מען געקאָנט טרעפן קאַמען מיט זונען־רויזן, ביז דרייסיק און פערציק סענטימעטער די ברייט. די זונען־רויז פאַדערט אַ פּרוכטבאַרן באָדן און די בעסאַראַבער ערד איז דאָס געווען אין פולסטן זין פון וואָרט. די מאָלדאַוואַנעס, וואָס האָבן אַ באַזונדערע פּיעטעט צו דער ערד, פלעגן פאַרזייען זונען־רויזען מיט ווייניק חשק, ווייל די פלאַנץ מאַטערט גיך אויס דעם באָדן. אויב זיי האָבן עס דאָך געטון, איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל די בוימל־פאַבריקן (מאַסלאָבוינעס) האָבן געפּאָדערט רוישטאָפן און האָבן געצאָלט גוטע פּרייזן. אַנדערע קולטיורן זענען געווען ווייץ, גערשטן, האָבער, קאָרן און פּאַפּשויעס (מאַיס), דאָס לעצטע אַ זייער פאַרשפּרייטער קולטיור אין רומעניע און בעסאַראַביע. די ייִדישע פעלדער זענען מייסטנס געווען פאַרזייט מיט טאַבאַק, אַ פּאָפּולערע באַשעפטיקונג פון ייִדישע פּויערים אין בעסאַראַביע.

צו מזרח צו, אין דעם גרויסן טאָל, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקער פראַגע־צייכן, האָט זיך געשעלנגלט דער „נעסטר" (דניעסטר) און פון יענער זייט האָט מען אָנגעזען די נישט וויינקער פרוכטבאַרע לענדערייען פון פּאָדאָליע. פּונווייטנס, ווי נאָר דאָס אויג האָט געקאָנט כאַפּן, האָט מען אין די בערג און אין טאָל אָנגעזען די דערפער פון דער סביבה, מיט זייערע פאַרביקע כאַטעס און שייערן. אין די זונטיקדיקע פאַרטאָגן, ווען אַלץ אַרום איז געווען שטיל, האָט מען געהערט דעם געקלאַנג פון קלויסטער־גלאָקן און ווען אין די דערפער איז געווען אַ „זשאָק", האָט מען פון דאָרט געהערט די פריילעכע מוזיק פון די מאָלדאַוואַנישע „בולגאַריאַסקעס" און פריילעכסן. אַלץ האָט אויסגעזען ווי איין גרויסע אידיליע פון שפע, מנוחה, פון גוטמוטיקער שלווה, וואָס וועט זיך אַזוי ציען ביז אין אַלע אייביקייטן. קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן אַז די דאָזיקע לאַנדשאַפט, דער דאָזיקער „סטעפּ", וואָס איז קיין סטעפּ נישט געווען, וועט אַמאָל ענדערן זיין שטייגער, אַז דאָס וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גן־עדן־התחתון, וועט אַמאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גהינום אויף דער ערד. קיינער האָט זיך נישט געקאָנט אויסמאָלן, אַז דאָרט ווו וואַסער קוועלט ממש פון דער ערד אַרויס און ווו פון אַלע זייטן ציִען קרישטאָל־ריינע וואַסערן אויף צו פאַראייניקן זיך מיט דעם אייביק־אומרויִקן שטראָם פונעם דניעסטר, — אַז דאָרט וועלן מענטשן אויסגיין פון דורשט. קיינער וואָלט נישט געווען געגלויבט אַז דאָס דאָזיקע שטעטל — דער סטעפּ, דער „שטיאָפּ" — וואָס האָט זיך געבאָדן אין שפע פון די אַרומיקע פעלדער, פון די גערטנער, פון די ווייַנגערטנער, אַז דאָס דאָזיקע שטעטל וועט זיין אַן אָרט ווו מענטשן וועלן שטאַרבן פאַר הונגער אין בוכשטעבלעכסטן זינען פון וואָרט. און דאָך האָט עס פּאַסירט. עס זענען דערויף דאָ גענויע דאָקומענטן וואָס שטיצן זיך אויף אָפיציעלע ראַפּאָרטן פון די רומענישע סאַטראַפּן וואָס האָבן אין יענער געגנט געהערשט אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. די דאָזיקע ראַפּאָרטן זענען דאָקומענטן פון דער ערגסטער מענטשלעכער געפאַלנקייט און רישעות. נאָך יאָרן פון שפע און ברכה, איז דאָס שטעטל — פּונקט ווי אַנדערע פון דעם מין אין בעסאַראַביע — פאַרוואַנדלט געוואָרן איז אַ מקום פורעניות, די חיות אין מענטשלעכן געשטאַלט האָבן עס באמת פאַרוואַנדלט אין אַ ווילדן סטעפּ, ווו טויזנטער יידן זענען

אומגעקומען פון פייניקונגען, פון הונגער, דורשט, קראַנקייטן און פון צוואַנגס־אַרבעט אין די ערגסטע באַדינגונגען.

אייניקע דאַטן פון ריין־סטאַטיסטישן כאַראַקטער, וועלן באַווייזן צו וואָס מענטשלעכע ווילדקייט קאָן דערפירן. לויט דער סטאַטיסטיק וואָס מתתיהו קאַרפּ ברענגט אין זיין בוך „טראַנסניסטריע" (זייט 48), האָט דאָס שטעטל וועגן וועלכן עס איז די רייד — ווערטוזשען — אין 1930 געהאַט 1834 איינוווינער. אין 1941, איז די צאָל איינוווינער 24.000 נפשות, ווייל דאָס שטעטל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון די שוידערלעכסטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן פאַר די יידן וואָס זענען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טראַנסניסטריע. אין 1942 — קיין איין איינוווינער נישט. אין גאַנץ בעסאַראַביע האָבן אין יענער צייט געלעבט נישט מער ווי 227 (צוויי הונדערט זיבן און צוואַנציק) יידן.

לויט דער סטאַטיסטיק פון דעם זעלבן בוך (זייט 143) איז דאָס פאַרמעגן פונעם שטעטל (אומבאַוועגלעכס) אין 1941 באַשטאַנען פון 325 הייזער, 600 העקטאַר ווייגאָרטן, 353 העקטאַר אַקערלאַנד און דריי מילן. דאָס איז די ציפער וואָס ווערט אָנגעגעבן אָפיציעל אין אַ ראַפּאָרט צו די העכערע באַהערדן וועגן דעם פאַרמעגן פון די יידישע שטעטלעך, נאָך דעם וואָס די רומענער האָבן ווידער אָקופּירט בעסאַראַביע בעתן צווייטן וועלט־קריג.

וועגן דעם וואָס די רומענישע חיות אין מענטשן געשטאַלט האָבן געמאַכט פון מיין געבוירן־שטעטל, דערציילט מתתיהו קאַרפּ אין דעם בוך „טראַנסניסטריע" (זייט 106) דאָס ווייטערדיקע: „אין ווערטוזשען איז דער שוידערלעכסטער לאַגער. דאָ הערשט דער קאָלאָנעל אַגאַפּיע און די קאַפּיטאַנען בוראַדעסקו און ראַדולעסקו. אַריבער 20 טויזנט מענטשן וווינען אויף אַ שטח וואָס וואָלט קוים געקלעקט פאַר אַ צענטל פון זיי. די מערסטע וווינונגען זענען אָן דעכער, ווייל די בלעך איז אַראָפּגענומען געוואָרן לויט אַ באַפעל פון קאָלאָנעל אַגאַפּיע כדי צו מאַכן פון איר פושקעלעך אויף פעטס און זייף. די מענטשן זענען אויסגעשעפּט, נאָך קאַרגע צוויי חדשים אַרומגעיאָגט צו ווערן פון איין זייט דניעסטער צו דער אַנדערער. זיי פאַרמאָגן שוין מער גאָרנישט, אַפילו נישט צו פאַרקויפן פון זיך, נישט צום אויסטוישן אַפילו, ווייל אַלץ איז ביי זיי צוגערויבט געוואָרן אויפן וועג אָדער אין לאַגער. ביי זייער גאַנצער אָרעמקייט מוזן זיי נאָך צאָלן אַ טעג־

לעכע טאַקסע פון צוויי לעי פּאַר יעדער פּערזאָן וואָס גייט אַרויס פון לאַגער עפּעס איינקויפן. אפילו דאָס לעשן דעם דורשט קומט זיי אויך אָן שווער, ווייל ביי די עטלעכע ברונעמער שטייט מען אין דער ריי שעהן־לאַנג צוליב אַ קענדעלע וואַסער. אויסגעהונגערטע, געשלאָגענע און צעפּייניקטע, מוזן די מענטשן דערפילן שווערע און אומזיסטיקע אַרבעט, ווי למשל אויסשטיינערן דעם לאַגער מיט שטיינער וואָס ווערן געבראַכט פון דניעסטר. די קאַפּיטאַנען בוראַדעסקו און ראַדולעסקו, פּאַר וועלכע עס ציטערט דער גאַנצער לאַגער, פאַרגוואַלטיקן יידישע מיידלעך און פרויען. פון קעלט, פון הונגער און פון אָן אַ שיעור יסורים, שטאַרבן טעגלעך צענדליקער מענטשן".

דאָס איז, אין קורצן, אַ באַריכט וועגן דעם וואָס די חיות אין דער געשטאַלט פון מענטשן האָבן געמאַכט פון אַ יידיש שטעטל, וואָס יידן האָבן גערופן „דער סטעפּ" און די גויים — „שטיאַפּ". דאָס האָבן זיי געמאַכט פון אַ שטעטל וואָס האָט פונוויטנס אויסגעזען ווי אַ פּרעכטיק מאָלעריש בילד, איינגעפּאַסט אין דער אַרומיקער לאַנדשאַפט. דאָס שטעטל האָט זיך געפונען אויף אַ באַרגיקן פלאַכלאַנד און ווען מען פלעגט אָנקומען פון דער באַן־סטאַנציע אונקיטעשט וואָס האָט זיך געפונען דרייצן קילאָמעטער צו דרום־צו, האָט עס פונווייטנס אויסגעזען ווי איינער פון די עקזאָטישע באַרג־ישובים וואָס מען זעט אויף די קונסטבילדער פון די באַרגיקע לענדער. פונדערווייטנס האָבן אייביק גערויכערט די הויכע קוימענעס פון די צוויי גרויסע מילן, אַרום וועלכע עס איז שטענדיק געווען אַ יאַריד פון פויערשע פורלעך וואָס פלעגן קומען אָפּמאָלן פּאַפּשויע און ווייצן־מעל. לעבן די מילן האָט מען אָנגעזען דעם בית־עולם, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ שיפּועביים וואַלד. מען האָט אויך אָנגעזען די נייע הייזער וואָס מען האָט די לעצטע יאָרן אויסגעבויט, פון רויטע, געברענטע ציגל, מיט זייערע רויטע אָדער גרינע דעכער. דער וואַלד האָט צו מזרח צו אויסגעזען ווי אַ ריזיקער פּאַרק, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון דער אַרומיקער לאַנדשאַפט. ווו מען איז געגאַנגען און ווו מען איז געשטאַנען, האָט אין דעם דאָזיקן שטעטל געקוועלט וואַסער פון דער ערד אַרויס און — מענטשן זענען דאָרט געשטאָרבן פּאַר אַ טרונק וואַסער, ווען די רומענישע באַרבאַרן האָבן דאָס שטעטל פאַרוואַנדלט אין אַ פּייניקונגס־ און טויט־לאַגער! קאָן דען געמאָלט

זיין אַ גרעסערער הוזק אַז מען זאָל שטאַרבן פון דורשט אין אַ געגנט ווו עס געפינט זיך איינער פון די שענסטע טייכן פון דרום־מזרח־אייראָפּע און ווו וואַסער קוועלט ממש פון אַלע זייטן?

אין מיין פריִער קינדהייט האָב איך געהערט אַלטע לייט דערציילן מעשה־נוראס פון יענע צייטן ווען דער סטעפּ איז טאַקע געווען אַ סטעפּ, אַ ווילדעניש. אין מיינע יאָרן, איז פון דעם סטעפּ פאַרבליבן בלויז דער נאָמען. שפּעטער, ווען איך האָב דאָס שטעטל געזען בלויז אין דמיון, האָט די מענטשלעכע רישעות עס צוריק פאַרוואַנדלט אין אַ סטעפּ, אין אַ וויל־דערניש, ווו מענטשן זענען אויסגעגאַנגען פון דורשט און פון הונגער. דער „שיפּעט"*) פונעם שטעטל האָט ווייטער געגעבן זיין קרישטאָל־ריינע וואַסער, אָבער נישט פאַר די פאַרשפּאַרטע ייִדן. די מילן האָבן ווייטער געמאָלן מעל. אָבער די ייִדן זענען געשטאָרבן פון הונגער. די פעלדער האָבן ווייטער גע־בליט, די גערטנער און ווייגערטנער האָבן געגעבן זייער פּרוכט, אָבער נישט פאַר די ייִדן. די באַצויבערנדיקע לאַנדשאַפט פון אַרום, איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ יאָמערטאָל. אויפן „ווייסן באַרג" האָבן ייִדן געהאַקט שטיינער אויף צו ברוקירן די גאַסן — פאַר וועמען? זייערע טרערן פון פּיין האָבן זיך אויסגעמישט מיט די אומרויִקע וואַסערן פונעם דניעסטר און זענען שפּורלאָז פאַרשוווּנדן געוואָרן. זייער געוויין איז פון קיי־נעם נישט געהערט געוואָרן און פאַרשלאָסן איז געווען דער הימל צו זייער צער.

צווישן די וואָס זענען אומגעקומען אין דעם דאָזיקן שטעטל זענען אויך געווען מיינע עלטערן. אויך זיי זענען פאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט און האָבן באַקומען זייער אייביקע רו אין אַן אומבאַקאַנטן קבר. אויך זיי האָבן מיטגעמאַכט דעם גורל פון די זעקס מיליאָן קדושים. און ווען איך טראַכט פון זיי און פון אַנדערע טויזנטער ייִדן וואָס זענען דאָרט פאַר־פּייניקט געוואָרן צום טויט, זע איך אין מיין דמיון מיין געבוירן־שטעטל נישט נאָר אַ צעשטערטס, נאָר אויך אַ געשענדעטס.

יאָ, דאָס איז דער סך־הכל — אַ געשענדעט שטעטל.

---

*) שיפּעט — קוואַל.

# דער „נעסטר“

טייכן זענען די אָדערן דורך וועלכע עס רינט די זאַפט פון דער ערד. לויט זייער אויסערלעכן אויסזען, זענען זיי די זילבערנע פעדים וואָס שטרייפן דורך איר מראה, וואָס בייט זיך לויט די צייטן פונעם יאָר. טייכן זענען דער קענצייכן פון שפע; זיי זענען די ברוסטן, פון וועלכע עס זייגן די מענטשלעכע ישובים וואָס האָבן זיך פאַרפונדעוועט ביי זייערע ברעגן. ווי דער טרייעסטער אויסדרוק פון דער נאַטור, האָבן זיי אויך זייערע צייטן פון בייזקייט, ווען זיי זענען זיך נוקם אין אַלץ וואָס וואַגט צו שטיין פון זייער נאָענט. אין אַזעלכע צייטן, נעמען זיי אָפּטמאָל אָפּ מיט פראָצענט פאַר דער שפע וואָס זיי שענקען אין די צייטן פון מילדקייט. פאַרפלייצונג איז, נאָך דער ערדציטערניש, די ערגסטע פלאָג פון וועלכער עס ליידט אייביק דער מענטש. די מענטשן וואָס וווינען ביים ברעגן פון אַ טייך, ווייסן אַז זיי מוזן פון צייט צו צייט צאָלן אַ שטייער פאַר דער ברכה וואָס עס ברענגט זיי דאָס וואַסער.

בעסאַראַביע, די ערד אויף וועלכער איך בין געבוירן געוואָרן, האָט צוויי טייכן וואָס וואַשן אייביק אירע ברעגן. אין מערב, ווערט זי געוואַשן פונעם פרוט, וואָס טיילט זי אָפּ פון דער רומענישער מאָלדאַווע; אין מזרח, ווערט זי אייביק געוואַשן פון די וואַסערן פונעם דניעסטער, וואָס ווערט געבוירן אין די קאַרפּאַטן־בערג, ערגעץ אין גאַליציע און ענדיקט זיך דאָרט ווו ער פאַלט אַריין אין דעם שוואַרצן ים. דעם פרוט האָב איך אַ סך מאָל געזען, געפאָרן איבער אים; דעם דניעסטער האָב איך שטענדיק געזען, זינט מיין פריסטער קינדהייט און שפּעטער, אין די צייטן פון יוגנט. צווישן די טיפסטע דעראינערונגען פון יענע ווייטע צייטן און צוזאַמען

מיט די ליבע געשטאַלטן פון מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער, משפּחה־אייגענע, חברים און אומפאַרגעסלעכע לאַנדשאַפטן פון מיין געבוירן־סביבה, שיינט ער צו מיר אַרויס זוי איינס פון יענע בילדער וואָס לאָזן זיך נישט פאַרגעסן. די וואָס זענען געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין יענע קאַנטן פון בעסאַראַביע, קאַנען, פּונקט ווי איך, זיכער נישט פאַרגעסן דעם „נעסטר", ווי יעדן האָבן אים גערופן מיט אַ קורצן און פאַראיינפאַכטן נאָמען. דער „נעסטר" איז פאַר אונדז געווען עפּעס וואָס איז אומצעשיידבאַר מיט דער לאַנדשאַפט אין וועלכער מיר האָבן צום ערשטן מאָל דערזען גאָטס וועלט און פון איר הנאה געהאַט מיט יענער נאַטירלעכקייט און אומיטלבאַרקייט וואָס מען געפינט נאָר ביי דאָרפסלייט, ביי פויערים. מיר, די איינוווינער פונעם שטעטל, וואָלטן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן דעם קיום פון דער וועלט אָן דעם „נעסטר", פּונקט, למשל, ווי מיר וואָלטן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן די עקזיסטענץ פון אונדזער שטעטל אָן דער „וויסער שיל" אָדער אָן דעם „שיפּעט", וועלכער האָט באַזאָרגט אַ האַלב שטעטל מיט וואַסער.

לויט די דאַטן וואָס ווערן אָנגעגעבן אין די טעקסטן פון געאָגראַפיע, פאַרמאָגט דער דניעסטער אַ לענג פון 1.387 קילאָמעטער. פאַר מיר פערזענלעך שפּילט נישט קיין ראָלע צי די דאָזיקע ציפער איז יאָ אָדער נישט ריכטיק, ווייל מיך אינטערעסירט בלויז דער „נעסטר" אַזוי ווי איך האָב אים געזען און געפילט און נישט דער דניעסטער, ווי ער ווערט געשילדערט אין די געאָגראַפישע טעקסטן. אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער געאָגראַפישער מאַפּע, איז דער דניעסטער, ביי זיין גאַנצער וויכטיקייט ווי אַ וואַסער־וועג, נישט מער ווי אַ קליין, נישטיק פעדימל אין דעם אומגעהויערן געוועב פון דער וואַסער־פּאַנאָראַמע פון דער ערד. פאַר מיר אָבער, איז דער „נעסטר" אַ טייל פון אַ לאַנדשאַפט אויף וועלכער איך האָב געקוקט אין משך פון אַ קנאַפּ פערטל יאָרהונדערט, אַ לאַנדשאַפט אין וועלכער איך האָב געזען די גאַנצע וועלט און געחלומט וועגן איר מיינע שענסטע חלומות, איידער איך בין צוגעקומען נענטער צו איר און זי דערזען אין איר אמתער געשטאַלט... ווען איך האָב מיך געבאָדן אין „נעסטר" איז מיין חלום נאָך געווען אַ גאַנצער, אַן אומבאַרירטער און שיינער; ווען איך האָב מיך שפּעטער געבאָדן אין דונאַי — בעת איך האָב

דורכגעמאַכט מיליטערדינסט אין רומעניע — האָט אַ גרויע וואָר שוין היפּש אַ תּל־געמאַכט פון דעם דאָזיקן חלום; און ווען איך האָב מיך געבאָדן אין טייך פּאַראַנאַ און אין לאַ פּלאַטאַ־טייך, אין דרום־אַמעריקע, האָט די ווירקלעכקייט שוין געהאַט אָפּגערוקט מײַן „נעסטר״־חלום אין דער ווײַטער פאַרגאַנגענהייט אַרײַן און הײַנט זעט ער אויס, דער דאָזיקער חלום, ווי אַן אומגלויבלעך מעשהלע פון טויזנט און איין נאַכט.

איך געדענק דעם „נעסטר״, ווען ער איז געווען אַ וויכטיקער וואַסער־וועג פון דרום־מזרח־אייראָפּע, איבער וועלכן עס האָט געשוויבלט מיט מענטשלעכער אַרבעט און באַוועגונג. דאָס איז געווען אין מײַנע קינדער־יאָרן און אין דער פריִער יוגנט, ווען בעסאַראַביע איז נאָך געווען אַ פּראָווינץ פון דער צאַרישער רוסלאַנד. דערנאָך, געדענק איך, איז ער איבער נאַכט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּשוטער גרענעץ־ליניע און האָט אָנגעהויבן פוסט־און־פּאַסעווען. דאָס האָט פּאַסירט אין 1918, ווען רומעניע האָט אָקופּירט בעסאַראַביע און זיך צוגערוקט ביז צו די ברעגן פונעם דניעסטר. זינט דעמאָלט איז דער „נעסטר״, וואָס האָט פריִער געשפּרודלט מיט באַוועגונג און מיט לעבן ווי אַ בויטיקער און נוצלעכער טראַקט, פאַרוואַנדלט געוואָרן נישט נאָר אין אַ גרענעץ־ליניע וואָס האָט אָפּגעטיילט צוויי לענדער, נאָר אויך אין אַ פּאָליטישער ליניע, וואָס האָט אָפּגעטיילט צוויי פײַנטלעכע וועלטן: די קאַפּיטאַליסטישע וועלט־אָרדענונג פון דער סאָציאַליסטישער.

מיר דאַכט זיך אַז איך וועל נישט פעלשעווען ווען איך וועל זאָגן, אַז זינט דעם טאָג וואָס דער „נעסטר״ איז געוואָרן נישט מער ווי אַ גרענעץ, האָט זיך אָפּגעטון פון אים די שכינה, ער איז געוואָרן טרויעריק. ער איז מער נישט צעשניטן געוואָרן פון די „פּאַראַכאָדן״ וואָס פלעגן איבער אים גיין און פירן פּאַסאַזשירן און משׂא. עס האָט מער נישט אָפּגעקלונגען אויף אים דאָס ליד פונעם שיפער און פונעם פישער. עס האָבן אויפגעהערט באַווײַזן זיך די פײַערלעך פון די לאַסט־באַרזשעס וואָס פלעגן איבער אים גיין טאָג און נאַכט, פײַערלעך וואָס האָבן זיך באַוועגט לאַנגזאַם אין די פינצטערע נעכט און האָבן אויסגעזען ווי מיסטעריעזע ליכט־געשפּענסטער, וואָס האָבן דערציילט פון נישט־דאָיִקע וועלטן. עס האָבן אויפגעהערט ציִען איבער אים די „ספּלאָוועס״ פון געהילץ, וואָס מען האָט אַראָפּגעשיקט

מיטן וואַסער צו די פּאָרטן פונעם שוואַרצן ים און פון דאָרט מיט שיפן אין די ווייטע לענדער. ער איז געוואָרן „אַרבעטסלאָז", דער וווּנדערבאַר־שיינער טייך, און זיינע וואַסערן האָבן געצויגן צייללאָז און אין ניוועץ אַריינגעפאַלן אין שוואַרצן ים, ווו זיי זענען פאַרשווונדן געוואָרן שפּורלאָז, אָן אַ שום נוצן פאַר עפּעס, פאַר עמיצן. ער איז פון אַ וועג וואָס האָט פאַרבונדן מענטש מיט מענטש, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּשוטן וואַסער־ראָוו וואָס האָט אָפּגעטיילט מענטש פון מענטש. אָנשטאָט דעם הייליקן געזעץ פון אַרבעט און שעפערישקייט וואָס האָט פון קדמונים אָן געהערשט ביי זיינע ברעגן, האָט אָנגעהויבן הערשן דאָס געזעץ פו פאַרברעכן אין דער נאַכט, פון קאָנטראַבאַנד און פון מאָרד. זינט דעמאָלט האָט די אומ־געזעצלעכקייט זיך אָזויפיל איינגעבירגערט אין דעם מענטשלעכן לעבן, ביז עס האָט דערפירט צו דער עפּאָכע פון „טראַנסניסטריע", וואָס אין דער יידישער איבערזעצונג מיינט עס פּשוט און פּראָסט — פון יענער זייט דניעסטר. און וואָס „טראַנסניסטריע" מיינט, דאַרף מען שוין היינט קיינעם נישט דערציילן. „טראַנסניסטריע" מיינט דאָס אוישוויץ, דאָס מיי־דאַנעק און טרעבלינקע פון דעם בעסאַראַבער און רומענישן יידנטום. עס איז באַשערט געווען, אַז דער „נעסטר", דער טייך פון מיינע קינדהייט און יוגנט־חלומות, זאָל אין זיך איינזאַפּן די טרערן און דאָס בלוט פון הונדערטער טויזנטער יידן, צווישן זיי מיינע אייגן בלוט און פלייש. אַ, צו וואָס די מענטשלעכע רשעות האָט געקאָנט דערפירן!

נאָך דעם וואָס דער „נעסטר" איז געוואָרן די גרענעץ צווישן רומעניע און סאָוועטן־רוסלאַנד, האָב איך נאָך אַליין באַוויזן צו זען מיט מיינע אייגענע אויגן אַ מין „טראַנסניסטריע" אויף דער צווייטער זייט. דאָס איז געווען אין די יאָרן 1921, 1922 און 1923, ווען אין אוקראַינע האָבן גע־בישעוועט די פּעטליורישע פּאָגראָמען און טויזנטער יידן זענען אין גרויס בהלה געלאָפן איבערן דניעסטר קיין בעסאַראַביע אויף צו ראַטעווען זיך פון אומקום. יענע „טראַנסניסטריע", וועלכע איך האָב געהאַט די געלעגנ־הייט צו זען אין דער געשטאַלט פון די טויזנטער פּליטים וואָס האָבן זיך געוואַלגערט ביי אונדז אין שטעטל, ווי אין אַנדערע ברעג־ישובים, איז שוין געווען גענוג טראַגיש, אַז מען זאָל וועגן דעם אָנשרייבן אַ נייע „איכה". עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין הרוגים. אויף דעם בית־עולם

פון אונדזער שטעטל זענען צוגעקומען 33 פרישע קברים פון ייִדן, וואָס זענען דערשאָסן געוואָרן ביים קרייצן דעם דניעסטער. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בילד וואָס איך האָב געזען אויף דעם שטעטלשן בית־עולם, ווען עס איז פון בוקאַרעשט אַראָפּגעקומען אַן אויספאָרשונג־קאָמיסיע פון מיליטערישע מעדיקער דורכצופירן אַן אַנקעטע פון די דאָזיקע מאָרדן, וואָס האָבן נאַכט נאָך נאַכט פּאַסירט ביי די ברעגן פונעם דניעסטער. מען האָט דעמאָלט אויסגעגראָבן עטלעכע הרוגים און זיי גע־פּאַלמעסט, אָבער וואָס האָט מען געקאָנט דערגיין, אַז די מתים גופא האָבן געשוויגן און גאָרנישט געקאָנט דערציילן. די זאַך איז געווען קלאָר: עס האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן שוידערלעכע פאַרברעכנס וואָס האָבן גאָר־נישט געהאַט צו טון מיטן פאַרטיידיקן דאָס געזעץ, נאָר מיט די נידע־ריקסטע און געמיינסטע אינסטינקטן פון מאָרד און רויב. דער אָפיציר פון דער גרענעץ־וואַך, אַ געוויסער לאַקאָטינענט מאַראַרעסקו, אַ טיפּ פון אַ רומענישן געוויסנלאָזן מיליטאַר, וועלכער איז געווען דער הויפּט־שולדי־קער אין די דאָזיקע מאָרדן, איז „באַשטראָפט" געוואָרן דערמיט וואָס מען האָט אים איבערגעפירט ערגעץ אַנדערש און מען האָט געשמועסט אַז מען האָט אים געהעכערט דעם ראַנג אויף קאַפּיטאַן פאַר זיינע „אויסגעצייכנטע לייסטונגען" ביים באַשיצן די גרענעץ פונעם פאָטערלאַנד.

וואָס אָבער איז געווען די „טראַנסניסטריע" פון די צוואַנציקער יאָרן אין פאַרגלייך מיט דער „טראַנסניסטריע" פון די פערציקער יאָרן, ווען דער „נעסטער", אָט דער פרידלעכער און שעפערישער טייך פון מיינע קינדער־יאָרן, איז געוואָרן דאָס געשפּענסט, און אויך דער קבר פון הונ־דערטער טויזנטער ייִדן. זאָל איך אים שעלטן דערפאַר? פאַרוואָס קומט עס אים? צי שוין־זשע איז ער שולדיק אין דעם וואָס די רשעות פון די מענטשן האָט זיין נאָמען פאַרוואַנדלט אין אַ שרעק־וואָרט פאַר טויזנטער אומשולדיקע און אומבאַשיצטע מענטשן? צי האָט ער דען נישט דער־פילט דאָס געטלעכע געבאָט פון ברענגען שפע און ברכה, ביז די מענטשן האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ קללה? ניין, איך וועל דעם „נעסטער" נישט שעלטן, ווייל איך ווייס אַז ער האָט נישט געוואָלט ווערן דאָס וואָס די מענטשלעכע רשעות האָט פון אים געמאַכט, פונקט ווי די וועלדער אַרום טרעבלינקע און מיידאַנעק האָבן נישט געוואָלט ווערן קיין בית־עולמס

פאַרן אַש פון מיליאָנען אומגעבראַכטע מענטשן. איך האָב די גרויל און די שאַנד פון דער לעצטער „טראַנסניסטריע“ איבערגעלעבט פונדערווייטנס און ביז היינט קאָן זיך מיין האַרץ נישט באַרויִקן פון שאַנדע, וואָס אין מיין געבוירן־שטעטל — וואָס די נאַצי־רומענער האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ מוראדיקן קאָנצענטראַציע־לאַגער — זענען טויזנטער מענטשן געשטאָרבן פאַר אַ ביסל וואַסער.

איך האָב זוכן דער שאַנד וואָס די מענטשן האָבן געבראַכט אויפן דניעסטר געהערט פונדערווייטנס, אָבער די ברכה פונעם „נעסטר“ האָב איך געקאָנט פונדערנאָענט, אין יענע ווייטע קינדער־יאָרן, ווען ער איז נאָך נישט געווען דאָס וואָס מענטשן האָבן געמאַכט פון אים. מיר איז דער „נעסטר“ פאַרבליבן איינגעקריצט אין זכרון אַזויווי איך האָב אים פון מיין פריסטער קינדהייט געזען פון אונדזער קיך־פענצטער. שעהנלאַנג פלעג איך ליב האָבן צו שטיין און קוקן אויפן „נעסטר“ וואָס האָט פונווייטנס אויסגעזען ווי אַן אומבאַוועגלעכער זילבערנער פּאַס, וואָס האָט געביטן דעם קאָליר לויטן וועטער. אין אַ שיינעם זוניקן טאָג, פלעגט דער דאָזיקער זילבער־שטרייף אין דער אַרומיקער וווּנדערבאַרער לאַנדשאַפט פון באַרג און טאָל, שימערירן מיט מיליאָנען רעגנבויגן־קאָלירן. אין כמאַרנע, ווינטיקע טעג, איז זיין אויסזען געוואָרן ערנסט און גראָ און עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט זיך בייזערן אויף דער סטיכיע וואָס מאַכט אַ תל פון זיין אויסזען. ווינטער, ווען דער פראָסט האָט פאַרקאָוועט דעם גאַנצן אַרום אין זיינע אייזיקע קייטן, איז דער „נעסטר“ פאַרשוווּנדן געוואָרן. אויף עטלעכע חדשים צייט איז זיין אויבערפלאַך פאַרפאַנצערט געוואָרן מיט אַ דיקן שיכט אייז און אַ צוגעדעקטער מיטן שניי, האָט ער אויסגעזען ווי איינס מיט דער אַרומיקער יבשה. מען פלעגט דאַן פאָרן איבער אים, ווי איבער אַן אייזערנער בריק אָן דער מינדעסטער מורא אַז דאָס אייז זאָל זיך איינברעכן. אונטן האָט דער טייך אָנגעהאַלטן זיין אייביקן געלויף צום שוואַרצן ים און אויבן זענען איבער אים געפאָרן שווער־אָנגעלאָדענע פּויערשע שליטנס. ווען דער ווינטער פלעגט אַריבער, די קעלטן האָבן נאָכגעלאָזט, האָט דער „נעסטר“ זיך באַפרייט פון זיינע אייזיקע קייטן און האָט ווידער אָנגעהויבן דורכשטרייפן די אַרומיקע גרינע לאַנדשאַפט מיט זיין זילבערנעם בליאַסק. באַפרייען זיך פון דעם דיקן אייז־שיכט, פלעגט

דער „נעסטער“ מיט אַ מוראדיקן קראַך, וואָס האָט אָפּגעהילכט ווי הונ־
דערטער קאַנאָנען־שאָסן, און דערנאָך האָבן די קריִעס אין משך פון אַ
פּאָר וואָכן געצויגן מיטן וואַסער־שטראָם ביז ער פלעגט ענדלעך ווערן
ריין פון אייז און דאַן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די באַוועגונג פון „פּאַ־
ראָכאָדן“, באַרזשעס און געהילץ־ספּלאָוועס. איינס פון די מערקווירדיקסטע
בילדער איז געווען, ווען דער טייך האָט זיך באַפרייט פון זיין ווינטערדיקן
צודעק און דאָס אייז האָט זיך גענומען באַוועגן. אינצווישן דער אַרומיקער
לאַנדשאַפט, וועלכע איז נאָך געווען באַדעקט מיט שניי, האָט עס אויס־
געזען ווי די ערד אַליין וואָלט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פליסיקער מאַסע
און זי באַוועגט זיך אין אַ באַשטימטער ריכטונג. דאָס איז געווען די
צייט פונעם יאָר. ווען דער טייך פלעגט אַרויס פון די ברעגן און אָנ־
מאַכן גרויסע שאָדנס. אין זיין אימפּעטדיקן געלויף, פלעגט ער אויף די
ברעגן אָנוואַרפן גאַנצע בערג מיט אייז און פאַרשלעפּן אַלץ וואָס ער האָט
אָנגעטראָפן אין וועג. די ערב־פרילינג־צייט וואָס פלעגט אין אונדזערע
קאַנטן דערוועקן אַזויפיל פרייד אין די מענטשלעכע הערצער, נאָך די
שווערע, קאַלטע ווינטערס, איז אָבער געווען אַ צייט פון שרעק און זאָרג
פאַר די ישובים וואָס האָבן זיך געפונען אין דער נידער, נאָענט פונעם
ברעג. אונדזער שטעטל האָט נישט געהאַט די דאָזיקע זאָרג, ווייל עס
האָט זיך געפונען אויף אַ באַרג־פלאַך אַרום אַ האַלבן קילאָמעטער פונעם
טייך. פונקט פאַרקערט, פאַר די איינוווינער פון אונדזער שטעטל, איז די
נאָך־ווינטער־סטיכיע פון דעם אויפגעריסענעם „נעסטער“ געווען איינס פון
די שענסטע בילדער וואָס מען קאָן זיך פאָרשטעלן.

אין אונדזער געגנט האָט דער „נעסטער“ אויסגעזען פונדערווייטנס
ווי אַ ריזיקער פּרעגצייכן, וועלכן מען האָט אָנגעזען אויף אַ שטח פון
אַרום פופצן קילאָמעטער אַרום. דער בעסאַראַבער ברעג איז געווען די
אויסערלעכע זייט פון דעם דאָזיקן פרעגצייכן און די אינעווייניקסטע זייט
איז געווען אַ שטיק אוקראַיִנער ערד וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקע
אויסגעשטרעקטע צונג. אויף אָט דעם שטיק ערד האָט זיך אַמאָל געפונען
אַ ייִדיש דאָרף וואָס האָט געהייסן אַלעקסאַנדראָווקע און גערופן האָט מען
עס „קאָט“. ביי אונדז אין שטעטל האָט מען יענע ייִדן גערופן די „קאָ־
טעווער גנבים“, כאָטש געווען זענען זיי ערלעכע האָרעפּאַשניקעס, וואָס

פלעגן זיך אַריבערשיפן דעם „נעסטר" און ברענגען די פּראָדוקציע פון זייער פּראַצע צו פאַרקויפן אויף די מאַרקטעג און יאַרידים פון אונדזער שטעטל. איך געדענק ווען די ייִדן פון יענעם דאָרף האָבן אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַמעריקע. טייל קיין אַרגענטינע און טייל קיין בראַזיל, ווו זיי זענען קאָלאָניזירט געוואָרן פון דער „יִקא". אויף זייער אָרט האָבן זיך באַזעצט נישט־ייִדישע פּויערים און „קאָט" איז געוואָרן אַ גויִש דאָרף. צוליב אָט דעם דאָזיקן ייִדישן דאָרף, איז דער „נעסטר" פאַרבליבן אין מײַנע זכרונות פון די קינדעריאָרן אַלס אַ „ייִדישער" טייך. די קאָטעווער ייִדן האָבן נישט געהאַט קיין אייגענע שיל, פלעגן זיי אין די ימים־נוראים אַריבערקומען צו אונדז אין שטעטל דאַווענען מיט ייִדן בציבור. עס געדענקט זיך מיר אַן אינטימער עפּיזאָד. ווען זיי זענען אַוועקגעפאָרן קיין דרום־אַמעריקע, האָט די בעל־מלאכהשע שיל פון אונדזער שטעטל, וואָס מען האָט נאָר־וואָס געהאַט אויסגעבויט, אָפּגעקויפט בײַ זיי אַ ספר־תורה. מײַן טאַטע מיט בײַקע שנײַדער, וואָס זענען געווען די גבאים פון דער שיל, זענען געגאַנגען אַריבערברענגען דאָס ספר־תורה. עס איז געווען אין סאַמע מיטן ווינטער. דער „נעסטער" איז „געשטאַנען" אַ פאַרפרוירענער, די געגנט אַרום און אַרום באַדעקט מיט אַ ווײַסער שניי־דעק, און צוויי ייִדן, גוט־באַפּעלצטע, טראָגן אַ ספר־תורה פון יענער זײַט „נעסטר". אַן עפּיזאָד וועלכן איך קאָן נישט פאַרגעסן, כאָטש שוין מער ווי פינף־און־פערציק יאָר אַז ער האָט פּאַסירט.

ווי דער לייענער גיט זיך מסתמא רעכענונג, ווערט דאָ כסדר גערעדט מיט טערמינען פון „געווען", כאָטש וואָס שייך דעם דניעסטר איז אַזאַ אויסדרוק מער ווי אומגאַטירלעך, ווייל דער טייך גופא איז דאָך נישט קיין זאַך וואָס געהער צו דער פאַרגאַנגענהייט. דער דניעסטר עקזיסטירט הײַנט, פּונקט ווי ער האָט עקזיסטירט זײַן טויזנטער יאָרן און וועט עקזיסטירן כל־זמן די וועלט וועט האָבן אַ קיום. מען דאַרף אָבער נישט מיינען, אַז איך זאָג „געווען" על־פּי־טעות. איך זאָג דאָס גאַנץ באַוווּסטזיניק, ווײַל פאַר מיר איז נישט דער מינדעסטער ספק, אַז פון ייִדישן קוקווינקל געהער דער דניעסטר צו דער פאַרגאַנגענהייט. אין מײַנע זכרונות זע איך אים ווי אַ „ייִדישער" טייך, פּונקט ווי איך זע דעם וואַלד פון עם שטעטל אַלס „ייִדישן". די פייגל וואָס זינגען „שירה" בײַ מענדעלע־מוכר־

כפרים און דיביימער וואָס „שטייען שמונה־עשרה״, זענען נישט קיין לייי־דיקער באַגריף און עפּעס מער ווי סתם אַ שיינע ייִדישע מעטאַפאָרע. אויב דער רבונו־של־עולם האָט באַשאַפן ווערבעס ביים ברעג פונעם דניעסטר, איז צוליב וואָס האָט ער זיי געקאָנט באַשאַפן, אויב נישט, אַז ייִדן זאָלן האָבן ווו צו נעמען צווייגלעך אויף הושענות? און אויב דער בורא־עולם האָט באַשאַפן דעם „נעסטר״, בכדי מען זאָל קאָנען שיקן מיט אים געהילך פון בוקאָווינע צו די פאָרטן פונעם שוואַרצן ים, האָט ער דאָך בשעת־מעשה זיכער איינזינען געהאַט אַז ייִדן וועלן ראש־השנה דאַרפן גיין צו תשליך און ווער נאָך ווי דער „נעסטר״ האָט עס אַזוי געקאָנט איינפנעמען זייערע זינד און זיי מיטנעמען מיט זיך אין „מצולות ים״, ווי עס זאָגט זיך אין די תפילות פון „תשליך״? און אויב גאָט ברוך־הוא האָט באַפעלקערט דעם „נעסטר״ מיט פעטע קאַרפּן, „מאַרענעס״ און אַנ־דערע מינים פיש — און על־פּי־דין כשרע פיש — איז צו וואָס האָט ער עס געטון אויב נישט אַז די ייִדן פון אונדזער שטעטל און פון אַנדערע שטעטלעך וואָס האָבן זיך געפונען ביי זיינע ברעגן, זאָלן האָבן דגים אויף שבת און יום־טוב? און צי איז דער „נעסטר״ נישט באַשאַפן געוואָרן, אַז ייִדישע מיידלעך זאָלן זומער קאָנען גיין וואַשן גרעט און ייִדישע ייִנג־לעך זאָלן זיך באָדן אין זיינע קלאָרע וואַסערן וויפל זייער האַרץ גלוסט און ייִדן האָבן דאָך אויך געדאַרפט פּרנסה, איז צו וואָס האָט אים דער רבונו־של־עולם באַשאַפן אויב נישט אַז טויזנטער ייִדן זאָלן ציִען פון אים זייער חיונה? אַוודאי האָט דער אויבערשטער באַשאַפן דעם „נעסטר״ אויך צוליב „עפּעס אַנדערש״, אָבער פאַר אונדז איז ער קודם־כל געווען אַ „ייִדישער״ טייך און אויב ביי זיינע ברעגן זענען מער נישט געבליבן קיין ייִדן, הייסט עס אַז ער איז „געווען״, אַז ער איז שוין מער נישטאָ.

די „לאַנדשאַפט״ פון דער ייִדישער געשיכטע פאַרמאָגט אַ סך טייכן, וואָס האָבן זיך איינגעגלידערט אין איר ווי אָרגאַנישע באַגריפן פון אונ־דזער וואַנדערן איבער דער וועלט. „על נהרות בבל״ איז נישט סתם אַ פּאָעטיש־אַבסטראַקטער באַגריף, נאָר איינער פון די וועג־שטיינער וואָס צייכנט אָן דעם אָנהייב פון אונדזער וועג צו ווערן אַ וועלט־פאָלק. פּונקט ווי די טייכן פּרת און חידקל, געפינען זיך אויף אונדזער מאַפּע די טייכן גוואַדאַלקיווויר, טאַכאָ און עבראָ פון שפּאַניע. די טייכן ריין, דונאַי, דניע־

פער און ניעמאַן, זענען אויך נעמען וואָס זענען אומצעטיילבאַר פון דער יידישער געשיכטע. און וואָס זאָל מען שוין זאָגן וועגן דער ווייסל? דאָ האָבן מיר דאָך ממש צו טון מיט אַ נאָמען פון אַ טייך וואָס איז געוואָרן מער יידישער באַגריף ווי פוילישער, הגם ער געפינט זיך אין פוילן. היינט זענען אָט די טייכן באַגריפן וואָס געהערן צו דער קאַטעגאָריע פון „געוועזן". די ווייסל איז היינט צו טאָג פון יידישן שטאַנדפונקט נישט ווייניקער פאַרגאַנגענהייט, ווי עס זענען די טייכן פרת און חידקל, אָדער די טייכן פון שפּאַניע, ווו עס האָט מיט הונדערטער יאָרן צוריק געשפּרודלט אַ שטאַרק יידיש מאַסן־לעבן. די דאָזיקע טייכן זענען דאָ, זיי זענען געבליבן, אָבער פאַר דער יידישער געשיכטע זענען זיי „געוועזן". דאָס זעלבע קומט פאָר מיטן דניעסטר. דער טייך עקזיסטירט איצט נאָך אַלס דניעסטר אָדער אַלס ניסטרול, ווי עס רופן אים די רומענער. אַלס „נעסטר", ווי עס האָבן אים גערופן די יידן וואָס האָבן געוווינט ביי זיינע ברעגן, עקזיסטירט ער שוין נישט מער. דאָס איז פאַרגאַנגענהייט.

ביי די ברעגן פון אַ סך טייכן אויף דער וועלט האָבן יידן געלעבט אין משך פון זייער לאַנגער וואַנדער־געשיכטע. נישט נאָר זייער ערדיש, מאַטעריעל לעבן האָבן זיי פאַרבונדן מיט די דאָזיקע טייכן, נאָר אויך זייער גייסטיק לעבן האָבן זיי פאַרוועבט מיט זיי. ביי טייכן פון בבל האָט זיך אָנגעהויבן דער פּראָצעס פון אַ גייסטיקער יידישער שאַפונג, וואָס איז געוואָרן דער יסוד פון דעם גרויסן גייסטיקן אוצר וואָס דאָס יידנטום האָט שפּעטער געשאַפן. איבער טויזנט יאָר האָט עקזיסטירט דער יידישער גייסטיקער צענטער ביי די טייכן פרת און חידקל. ביי די טייכן גואַדאַלקיוויר, טאַכאָ און עבראָ, אין שפּאַניע האָט זיך ווידער צעבליט דער יידישער גייסטיקער געניוס און געשאַפן גרויסע אינטעלעקטועלע און פּאָעטישע ווערטן פון אוניווערסאַלן פאַרנעם. אין שפּעטן מיטלאַלטער, האָט דער יידישער גייסט זיך צעבליט ביי די טייכן ריין, דונאַי, ווייסל, ניעמאַן, בוג, פּרוט און דניעסטר. אין משך פון יאָרהונדערטער האָט ביי די ברעגן פון די דאָזיקע טייכן אָפּגעקלונגען דאָס יידישע וואָרט, דער יידישער ניגון, דער יידישער קרעכץ אונטער דער בייטש פונעם נוגש. עס האָט זיך אויך געהערט דער געזונטער אָטעם פון יידישער אַרבעט, פון יידישער פּראַצע. ווער עס האָט פּערזענלעך געקענט די יידישע האָרע־

פּאַשניקעס ביי די ברעגן פונעם דניעסטר, וועט מיט שטוינונג אָפּוואַרפן דעם בילבול אַז ייִדן זענען אַ פֿאָלק פון בלויז פּאַראַזיטן, פון ליידיקגייער און לופט־מענטשן. איך האָב געקענט די ייִדישע ערדאַרבעטער פון די בעסאַראַבער שטעטלעך, די טאַבאַק־פּלאַנטאַטאָרס, די ציגלמאַכער, די ווייַן־טרעטערס, די ייִדישע בעל־מלאכות, וואָס פּלעגן ווינטער אַרבעטן ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט אויף צו פאַרדינען די חיונה. איך געדענק די ייִדישע טיטון־פּאַפּישעווניקעס, וואָס האָבן דורך די נעכט געאַרבעט אין די פאַרשטיקטע צימערן ביים צונויפלייגן בלעטל אויף בלעטל פון דעם טאַבאַק וואָס זיי אַליין האָבן פאַרזייט, באַגאָסן, געפּראַשעוועט, אַראָפּ־גענומען פון די פעלדער, אויפגעסיליוועט און געטריקנט. אָט דאָס זענען עס געווען די „פּאַראַזיטן" פון די בעסאַראַבער ייִדישע שטעטלעך, אָט דאָס זענען עס געווען די „לופט־מענטשן", ייִדן האָרעפּאַשניקעס, ערלעכע אַר־בעטער, וועלכע מען האָט אויף אַ געמיינעם אופן באַצייכנט אַלס אַזעלכע וואָס לעבן פון יענעמס אַרבעט. און דער ייִדישער סוחר פונעם בעסאַראַבער שטעטל, צי איז ער טאַקע געווען אַזאַ שעדלעכער עלעמענט ווי מען האָט געזאָגט? עס איז נישט אמת. אויך ער האָט ביטער געהאָרעוועט אויף צו פאַרדינען זיין אויסקומעניש און איז געווען אַ וויכטיקער טייל אין דער פּרימיטיווער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון דעם בעסאַראַבער דאָרפישן לעבן. ווער ווייסט ווי עס וואָלט געווען אויסגעזען די דאָליע פונעם מאָל־דאַוואַנישן פּויער, ווען דער ייִדישער סוחר, דער ייִדישער מעקלער, דער אַזוי־גערופענער „שיפּעטינעק", וואָלט נישט געווען געשאַפן קיין אָפּזאַץ־מעגלעכקייטן פאַר זיין פּראָדוקציע. דער פּשוטער ערלעכער מאָלדאַוואַן האָט אָפּגעשאַצט די דאָזיקע ראָלע פונעם ייִדישן סוחר און געלעבט מיט אים בשלום, אָבער עס האָבן נישט געפעלט אַזעלכע וואָס האָבן אים אָנ־געצייצט אויפן ייִדן, אָנגעוויזן אויף אים מיטן פינגער און געזאָגט: — אָט־דער אַרבעט נישט און לעבט פון דיין פּראַצע!

אויך דער „נעסטר" האָט נישט אויסגעמיטן די שאַנדע. אויך ער האָט געזען די חרפּה פון פאַרטרייבן די ייִדישע איינוווינער וואָס האָבן געלעבט ביי זיינע ברעגן אין משך פון יאָרהונדערטער. אויך זיינע וואַסערן האָבן זיך אויסגעמישט מיט דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט. אויך ער האָט געהערט די לעצטע געשרייען פון ייִדישע קינדער וואָס מען

האָט געוואָרפן אין זיינע אָפּגרונטן. אויך ביי זיינע ברעגן האָט זיך איבער־געחזרט דער מוראדיקער גלגל־החוזר פונעם גורל פון אַ פאָלק וואָס האָט אומעטום געשאַפן און מען האָט אים פון אומעטום פאַרטריבן.

פונעם „נעסטר" וואָס זינגט צו מיר אַרויס פון מיינע קינדער־יאָרן, איז געוואָרן „טראַנסניסטריע", — די שאַנד וואָס האָט אויף אייביק פאַר־גיפטעט מיין האַרץ, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל נישט באַרויקן.

# דער וואַלד

דער וואַלד פונעם שטעטל איז געווען אַ ייִדישער וואַלד. הגם ער האָט נישט געהערט צו קיין איינעם פון די שטעטלשע ייִדן.

דער וואַלד האָט געהערט צו אַ גויִשן פּריץ, געהאַט אַ גויִשן וועכטער מיט אַ צווייִרעריקער שרויט־ביקס און מיט דריי אמתע, סאַמאָראָדנע, גויִשע בייזע הינט, וואָס פלעגן אים נאָכלויפן וווּהין ער איז געגאַנגען, און דאָך איז ער געווען אַ ייִדישער וואַלד. צו דעם וועכטער — יאַקוב האָט ער געהייסן — וועלן מיר זיך נאָך דאַרפן אומקערן, ווייל מיט זיין פּערזאָן איז געווען פאַרבונדן דער גורל פון אַ סך שטעטלשע ייִדן, בעסער געזאָגט, פון זייערע ציגן. (איך בעט נישט לאַכן פון די ציגן, ווייל זיי האָבן געשפּילט זייער אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אויסקומעניש פון גאָר אַ גרויסן פּראָצענט פון די שטעטלשע איינוווינער, זכרונם לברכה). אָ, יאַקוב האָט אויסגעאיבט זיין אויטאָריטעט איבערן שטעטל מיט דעם גאַנצן באַוווסטזיין פון זיין מעכטיקער פּערזענלעכקייט. דערצו האָט פאַר אים נישט עקזיסטירט קיין שום סוד, ווייל ער, זיין ווייב און זיינע קינדער, דריי שיקסעס ווי די שלאַנקע טאָפּאָליעס, (קיין זכרים האָט אים גאָט נישט געגעבן), האָבן גערעדט ייִדיש „ווי אַ וואַסער״.

דאָס שטעטל האָט זיך געפונען אויף אַ באַרג־פּלאַך, ביים ברעג פונעם טייך דניעסטר. אויף צוצוקומען צום טייך, האָט מען געדאַרפט אַראָפּנידערן דורך אַ שיפּוע פון אַרום אַ האַלבן קילאָמעטער און אויף אָט דעם דאָזיקן שיפּוע האָט זיך געפונען דער וואַלד איבער אַ שטח פון עטלעכע קילאָמעטער. אונטן, ביים ברעג פונעם טייך, איז געווען אַ שמאָ־לער לאַנדפּאַס, אַן אויסערגעוויינלעך פּרוכטבאַרער, ווו „ברוך דער רוי־

טער״, אַ ייִד פונעם שטעטל, וואָס האָט געהאַט די אייביקע קאָנצעסיע פאַר זיין גאָרטן פון גרינוואַרג און געמיזע. זומער־צייט, פלעגן רוסישע קאַצאַפּעס אָפּדינגען דאָרט שטיקער לאַנד און פלאַנצן באַשטאַנעס פון אוּ־גערקעס, אַרבוזעס און דיניעס, וועלכע האָבן געהאַט זייער אָפּזאַץ־מאַרק אויף די מאַרק־טעג און יאַרידים פון אונדזער שטעטל און די אַרומיקע דערפער. אין די זומערדיקע שבתים פלעגט די יוגנט זיך דורכשפּאַצירן צו די דאָזיקע באַשטאַנעס, קויפן בחצי־חינם אַרבוזעס און דיניעס און איינ־אָרדענען סעודות אין די אַרומיקע גראָזן אָדער ביים ברעג פונעם דניעסטר. קליינוואַרג, וועלכעס האָט נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפן, פלעגט פון צייט צו צייט עובר זיין אויפן „לא תגנוב״ און ווען דער באַלעבאָס פונעם באַשטאַן האָט זיך פאַרקוקט, „נעמען״ עטלעכע אַרבוזעס און זיי אויפעסן צווישן די ביימער פון דעם נאָענטן וואַלד. דאָס דאָזיקע „נעמען״ איז גיכער געווען אַזאַ מין סאָרט „האָבי״, אַ ספּאָרט, פאַר דער קליינער חברה, ווייל די גוטע רוסניאַקעס פלעגן סיי ווי נישט אָפּזאָגן זיך צו שענקען אַ פּאָר אַרבוזעס, ווען עמיצער האָט זיי געבעטן. זיי פלעגן אָבער ווערן אויסער זיך, ווען זיי האָבן פעסטגעשטעלט אַז עמיצער האָט גענומען די פּרוכט פון זייער אַרבעט אָן געלט, אויף אייגענעם חשבון. זייער איינגעבוירענער חוש פאַר פּריוואַט־אייגנטום און זייער פּרימיטיוו, געזונט געפיל פאַר אָרנטלעכקייט, פלעגט אויפרייסן ווי אַ פּולווער־פאַס ווען זיי האָבן אַנטדעקט אַ גנבה אין זייערע געביטן, און עס פלעגט אָפט קומען צו סקאַנדאַלן און געשלעגן.

דער וואַלד איז על־פּי־רוב באַשטאַנען פון דעמבענע און יאַסנאָווע ביימער און פון אַלערליי קוסטעס. ער האָט אָבער אויך געהאַט ערטער וווּ עס האָבן געוואַקסן ביימער מיט קליינע ווילדע באַרלעך, עפּעלעך, „דרעזן״, און שוואַרצע קאַרשן. פאַר אונדז קליינוואַרג, זענען די דאָזיקע ערטער מיט די פּרוכטן־ביימער געווען די געביטן פון אונדזערע אַוואַנטורעס, געפונען האָבן זיך די דאָזיקע פּרוכטן־ביימער ווייט אין די געדיכטעניש פונעם וואַלד און די עקסקורסיעס אַהין האָבן געהאַט אין זיך עפּעס פון עקזאָטישן רייץ. נאַטירלעך, האָט יעדע איינציקע גרופּע יאַטן געהאַט אירע אייגענע „פּאָסעסיעס״ פון אַזעלכע פּרוכטן־ביימער און נישט איינמאָל פלעגט עס קומען צו געשלעגן ווען איין גרופּע האָט „משיג־גבול״ געווען דאָס „אייגנ־

טום״ פון אַ צווייטער. אין איינער אַזאַ „מלחמה״ האָב איך אַמאָל געכאַפּט מיט אַ הרודע ערד אין אַן אויג אַז איך בין שיעור נישט בלינד געוואָרן.

ווער עס איז נישט באַקענט מיט בעסאַראַביע, וועט אפשר דענקען אַז די קינדער פלעגן קריכן אין די געדיכטעניש פונעם וואַלד זוכן די ווילדע פרוכטן, ווייל זיי זענען געווען זשעדנע אויף דעם. דער אמתער אמת איז אָבער, אַז נישט דאָס איז געווען די סיבה. בעסאַראַביע איז געבענטשט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שפע פון אַלערליי פרוכטן און זומער־צייט, אין דעם הויך־סעזאָן, ווען די סעדער ווערן צייטיק, האָט מען זיי געקויפט ממש בחצי־חינם. די פויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן אין די מאַרק־טעג און יאַרידים זיך אויסשטעלן מיט פולע וועגענער ווײַנשל, קאַרשן, באַרן, עפל, פלוימען, און אַנדערע פרוכטן, און פאַר געציילטע קאָפּיקעס (און שפעטער: רומענישע לעיען), האָט מען געקויפט פולע עמערס ווײַנשל אָדער זעק מיט באַרלעך, עפל און פלוימען. וועגן קיין זשעדנעקייט אויף אַ פרוכט האָט דאָ נישט געקאָנט זיין קיין רייד און פונדעסטוועגן פלעגט דאָס קליינוואַרג זיך מקריב זיין, קריכן אין די געדיכטעניש פונעם וואַלד און זיך קוויקן מיט די ווילדע, שוואַרצע ביטערע קאַרשן ,מיט די טערפּקע באַרלעך אָדער מיט די זויערע עפּעלעך. די סיבה איז דאָ געווען נישט די זשעדנעקייט, נאָר דער קינדערשער דראַנג נאָך אַוואַנטורעס. דער וואַלד וואָס האָט זיך געפונען ביים סאַמע ראַנד פונעם שטעטל, האָט אין אונדזער קינדערשער פאַנטאַזיע זיך פאַרגעשטעלט ווי עפּעס וואָס געפינט זיך אין אַנדערן עק וועלט און די גרינע ווילדע פרוכטן וואָס מיר פלעגן אויפקלייבן מיט אמתע מסירת־נפש און אין שרעק פאַר יאַקובס הינט, האָבן ביי אונדז געהאַט דעם טעם גן־עדן. און עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך פאַרוואָס; דאָס זענען געווען די פרוכטן פון אונדזער געוואַגטקייט און קינדערשן דראַנג נאָך קונדסערייען. יעדנפאַלס, זענען דאָס געווען אַוואַנטורעס פון יידישע קינדער און די ביימער פונעם וואַלד האָבן געהערט די יידישע שפּראַך און — גע־ענטפערט אויף יידיש...

באַזונדערס גרויס זענען געווען אונדזערע „פּאַסעסיעס״ פון קוסטעס מיט „רויטעטשקעס״, אַ רויטע פרוכט ווי אַ מאַסלינע די גרויס מיט שטע־כיקע קערעלעך אינעווייניק און פון אַ זיס־זויערלעכן, טערפּקען טעם. די „רויטעטשקעס״ פלעגן צייטיק ווערן אין שפּעט־זומער און האַרבסט און

אויך דאַן, ווען דער וואַלד האָט אָנגעהויבן אַראָפּצוואַרפן פון זיך דאָס געבלעטער און געגומען אָטעמען מיט דער טיפער מעלאַנכאָליע פון דער דרום־רוסישער לאַנדשאַפט, האָבן מיר קליינוואַרג זיך נישט געפוילט צו גיין אויפקלייבן זיי. אַן אַנדער „פאַרמעגן" זענען געווען די קוסטעס מיט „זייערע בלעטלעך", וועלכע מיר פלעגן אָנרייסן און עסן רויע, פרישע, נאָרוואָס פון דער נאַטור, ווי מען עסט אַ גוט־צוגעפּראַוועטן סאַלאַט. עס האָבן אין דעם וואַלד אויך נישט געפעלט אַנדערע יאַגדעס און „פּאַליניצעס", וועלכע מיר פלעגן אויפקלייבן און עסן. דאָס אַלץ האָט, נאַטירלעך, געהערט נאָמינעל צום גוישן פּריץ, אָבער די אמתע באַלעבאַטים זענען מיר געווען איבער דעם דאָזיקן פאַרמעגן און אַפילו יאַקוב, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן זיין ממשלה איבערן וואַלד מיט אַן אייזערנער האַנט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די שטעטלשע ציגן, האָט נישט געוואַגט צו מישן זיך אין די זאַכן וואָס זענען געווען פון אונדזער „יוריסדיקציע". דאָ זענען מיר געווען די הערשער און מיר האָבן אונדזער אייגנטום פאַרוואַלטעט לויט אַ שטרענגן סדר פון — מיינס און דיינס...

***

איך ווייס נישט צו ווען דער וואַלד געהער היינט צו טאָג, אָבער קיין ייִדישער איז ער שוין זיכער נישט; ער איז מער נישט קיין ייִדישער צוליב דעם זייער פאַרשטענדלעכן מאָטיוו וואָס עס זענען מער נישט געבליבן קיין ייִדן אין דעם שטעטל.

ביי מענדעלע־מוכר־ספרים שטייען דיביימער שמונה־עשרה און די פייגל זינגען שירה. ער האָט געזען די נאַטור דורך ייִדישע ברילן, דער זיידע פון אונדזער ליטעראַטור, ווייל אַזוי האָט זי טאַקע אויסגעזען אין יענע קאַנטן. דער וואַלד פון אונדזער שטעטל האָט אויך נישט געקאָנט זיין אַנדערש ווי אַ ייִדישער וואַלד. פון דעם וואָס איך האָב פריִער געזאָגט, איז צו זען אַז אין דעם דאָזיקן וואַלד איז געקומען צום אויסדרוק די פרייד פון דעם ייִדישן קינד ביים זוכן און געפינען אַוואַנטורעס. עס האָט אין אים אָפּגעקלונגען דאָס ייִדישע וואָרט אויף אַן אוממיטלבאַרן און נאַטירלעכן אופן. נישט זיין באַלעבאָס דעם גוישן פּריץ האָט דער וואַלד געקאָנט, נאָר

דאָס ייִדישע קינד, און אַפּילו זיין גוישער וועכטער האָט זיך געמוזט אונ־טערוואַרפן די אומשטענדן און רעדן ייִדיש. יאָ, יאַקוב האָט גערעדט ייִדיש!

אויב אונדזער שטעטל, ווי אַלע אַנדערע ייִדישע שטעטלעך, האָט גע־אָטעמט מיט דעם שיינעם און האַרציקן ייִדישן יום־טוב, האָט דער וואַלד זיך מיטבאַטייליקט מיט זיין חלק אין די דאָזיקע פייערלעכקייטן. שבועות, פלעגן די היימען פונעם שטעטל אויסגעפוצט ווערן מיט דעם שמעקעדיקן גרינס, וואָס מיר קינדער האָבן געבראַכט צו טראָגן פונעם וואַלד. דער וואַלד האָט באַזאָרגט, מיט אַ מערקווירדיקער שפע, סכך פאַר די שטעטלשע סוכות. ל״ג בעומר זענען מיר אין פולער אויסשטאַטונג פון פייל־און־בויגן געגאַנגען מיטן רבין און שפּעטער מיטן „מורה״ (לערער) אין וואַלד אַריין. ראש־השנה זענען די ייִדן פונעם שטעטל געגאַנגען אין וואַלד אַריין צו „תשליך״ און פון דאָרט אַריינגעוואָרפן אַלע עבירות אין טייך אַריין, וועל־כער האָט זיי מיט זיין אימפּעטיקן שטראָם פאַרטראָגן צום ים, ווי עס שטייט געשריבן: ותשליך במצולות ים כל חטאתם״... די ביימער פונעם וואַלד זע־נען געווען לעבעדיקע עדות פון אָט־דעם סימבאָלישן ייִדישן פּראָצעס פון רייניקן זיך פון די זינד. ט״ו בשבט, האָבן מיר קינדער געוווסט, אַז עס איז יום־טוב ביי די ביימער פונעם וואַלד, כאָטש פונקט דעמאָלט זענען זיי גע־שטאַנען נאַקעטע, טרויעריקע און געציטערט פון קעלט. תשעה־באב, האָט אינדז דער וואַלד צוגעשטעלט בערלעך, מיט וועלכע מיר פלעגן זיך וואַרפן. פונעם וואַלד האָט מען געגומען די דעמבענע בעזעמלעך מיט וועלכע ייִדן פלעגן זיך ערב־שבת און ערב יום־טוב גוט אויסשמייסן אין דער שוויץ־באָד אויף דער אויבערשטער באַנק. ווינטער־צייט, פלעגן די אָרעמעלייט גיין אין וואַלד אַריין אויפקלייבן טרוקענע צווייגן אויף צו דערוואַרעמען די היי־זער. על־פּי געזעץ איז דאָס געווען פאַרבאָטן, אָבער יאַקוב האָט זיך געהאַט זיין אייגענע אויסטייטשונג פון די געזעצן און פלעגט זיך נישט מאַכן זעענ־דיק, אין אַזעלכע פאַלן פון מענטשלעכער נויט. ער האָט צופיל געקאָנט דאָס לעבן פונעם שטעטל און די אָרעמקייט פון אייניקע איינוווינער, אַז ער זאָל זיי נישט לאָזן קלייבן קיין טרוקענע צווייגן אום ווינטער. אויב עס איז געווען עמיצער וואָס האָט געוווסט אַז דער וואַלד איז אַ ייִדישער איז דאָס געווען יאַקוב, כאָטש ער האָט גוט געוווסט צו וועמען ער געהער...



בדרך־כלל, האָט יאַקוב, אַלס די איינציקע און אַבסאָלוטע אויטאָריטעט פונעם וואַלד (ווייל דעם פריץ, דעם אייגנטלעכן באַלעבאָס, האָט קיין בן־אדם קיינמאָל נישט אָנגעזען) זיך באַצויגן מיט מידת־הרחמים צו די שטעטלשע ייִדן און זיי געלאָזט באַנוצן זיך מיטן וואַלד ווי מיט זייער אייגנס. עס האָט אים נישט געאַרט וואָס די יוגנט שפּאַצירט דאָרט אום און „שפּילט ליבעס". ער האָט גאָרנישט אויסגעזעצט קעגן דעם וואָס דאָס ייִדישע קליינוואַרג פּראַוועט דאָרטן קונדסערייען. זומער־צייט פלעגן ייִדן שבת פאַרנאַכט גיין אין וואַלד אַריין „כאַפּן" פרישע לופט. עס האָט אים נישט געאַרט וואָס מיר האָבן דאָרט געקאָמאַנדעוועט ל"ג בעומר, געגנומען גרינס אויף שבועות אָדער סכך אויף סוכות. אדרבא, ווען ער פלעגט פאַרבייגיין, מיט זיינע הינט און מיט דער ביקס אויפן אַקסל, און זען די אַלע זאַכענישן, פלעגט ער אַפּירקוקן פון אונטער דעם גלאַנציקן דאַשעק, מיט אַ שמייכל פון צווישן די ווייצענע וואָנצעס, ווי איינער רעדט: שפּילט אייך; שפּילט אייך, ייִדעלעך. ער האָט זיך דאָ געפּילט ווי דער קעניג וואָס טיילט אויס גנאָד צו די אונטערטאַנען וואָס וווינען אין זיינע מאַיאָנטקעס. זאָלן זיי הנאה האָבן די שקלאַפּן; גאָט האָט געגעבן אַזויפיל, אַז עס וועט סטאַיען פאַר אַלעמען... און טאָמער האָבן ייִדישע אָרעמעלייט אויפגעקליבן טרוקענע צווייגן אויף צו הייצן די הרובע, איז ווען ברענגען זיי דערמיט שאָדן? כיי־ווי־סיי ווערן זיי פאַרפוילט און גייען אַוועק אין ניוועץ, טאָ זאָלן מענטשן בעסער זיך דערוואָרעמען די ביינער. יאָ, יאַקוב האָט דאָס אַלץ צוגעזען און גאָרנישט געזאָגט; ער האָט געהאַט גאָט אין האַרצן...

געווען איז אָבער אַ געביט אין שטעטל צו וועלכן יאַקוב האָט אָנגעווענדט דעם מידת־הדין מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון זיין מעכטיקער אויטאָריטעט: די שטעטלשע ציגן. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די שטעטלשע ציגן איז יאַקוב געווען ממש אַן אכזר און האָט נישט געוווּסט פון קיין רחמנות. קוים האָט ער געכאַפּט אַ ציג וואָס האָט געפּאַשעט אין וואַלד אָדער געצופּט די בלעטער פון דיביימער און קוסטעס, האָט ער זי פאַרטריבן צו זיך אין זיין וואַלד־היים אַריין, וווּ עס האָט זיך געפונען אַ מין „קאָנצענטראַציע־לאַגער" פאַר די געפאַנגענע ציגן. און האָט זיך גע־

מאַכט אַז אַ ציג איז אַריינגעפאַלן אין יאַקובס „קאָנצענטראַציע־לאַגער״, איז נישט געווען די קראַפט אויף דער וועלט וואָס זאָל זי פון דאָרט אַרויס־באַקומען, ביז מען האָט נישט באַצאָלט דאָס אויסלייז־געלט. און בנוגע אויסלייז־געלט זענען בײַ יאַקובן געווען פאַרשידענע קאַטעגאָריעס און עטאַפּן. דער מינימום־פּרייז איז געווען צוואַנציק קאָפּיקעס פּער־קאָפּ און דערנאָך זענען געקומען די העכערונגען און הנחות לויט די באַדינגונגען און אומשטענדן. צום בײַשפּיל: האָט איר אויסגעלייזט די ציג דעם זעלבן טאָג זענט איר אָפּגעקומען מיט דעם מינימום־פּרייז; אויב ווידער איר האָט זיך נישט געכאַפּט תיכף און געקימען אויסלייזן די ציג ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָט איר פאַר יעדן טאָג געצאָלט צען קאָפּיקעס קנס. יאַקוב האָט אויך געהאַט אַן אײַנגעשטעלטע נאָרמע פון הנחות. האָט ער פאַרנומען אייערע צוויי ציגן, האָט איר זיי געקאָנט אויסלייזן פאַר 35 קאָפּיקעס; דריי ציגן האָט איר אַרויסבאַקומען פאַר אַ האַלב קערבל. אומזיסט האָט קיינער נישט אַרויסבאַקומען זײַן ציג, אויב זי איז שוין אַריבער דעם פאַטאַלן טויער פון יאַקובס „קאָנצענטראַציע־לאַגער״. עס האָבן געקאָנט זײַן אויס־נאַמען אין שטעטל וואָס זייערע ציגן האָט יאַקוב קיינמאָל נישט געפאַנגען, און ער פלעגט זיי אגב דערקענען צווישן אַ גאַנצער גרופּע ציגן וואָס ער האָט געכאַפּט. אָ, אין דעם זין איז יאַקוב געווען אַ גוואַלדיקער בעל־זכרון; און ער האָט אַפילו געהאַט זײַנע אייגענע מעטאָדן ווי אַזוי זיך נוקם צו זײַן אין די מיט וועלכע ער האָט געהאַט חשבונות, ווי מיר וועלן ווייטער אַביסל זען.

דער ענין פון די שטעטלשע ציגן איז געווען אין יאַקובס קאָמפּעטענץ ביז צו אַ באַשטימטן טערמין. ביז צו אַ געוויסער צאָל טעג, פלעגט די גע־פאַנגענע ציג זיך געפינען אין יאַקובס „קאָנצענטראַציע־לאַגער״ און אויב מען איז זי נישט געקומען באַצייטנס אויסלייזן, איז זי אָפּגעשיקט געוואָרן „פּאָ עטאַפּאָם״ אין אַ ווייטערדיקן „לאַגער״ וואָס האָט זיך געפונען אין אַ נאָענטן דאָרף, ווו סײַ די פּראָצעדור פון אויסלייזן די בהמה איז שוין געווען אַ סך שטרענגער. דאָרט איז שוין דער מינימום־פּרייז געווען נישט קיין צוואַנציק קאָפּיקעס, נאָר גאַנצע פערציק און אויב די זאַך האָט זיך פאַרצויגן עטלעכע טעג, פלעגט מען דאַרפן באַצאָלן אַ גאַנצן רובל פאַר דער פרייהייט פון דער ציג. דאָרט האָט מען שוין אויך

געהאַט צו טאָן מיט ווילד־פרעמדע מענטשן און מיט בייזע פאַסטוך־הינט, וואָס האָבן איינעם געקאָנט צערייסן אויף שטיקער.

און אָט דאָ פלעגט יאַקוב זיך קאָנען אָפּרעכענען מיט יענע, מיט וועלכע ער האָט געהאַט ספּעציעלע חשבונות. זענט איר געווען זיין גוטער ברודער, האָט ער אייער ציג געקאָנט אָפּהאַלטן אַפילו צוויי וואָכן צייט ביי זיך אין „לאַגער” און זי נישט שיקן ווייטער; זענט איר ווידער נישט געווען שוה־בשוה מיט אים און ער האָט אייך געוואָלט אָפּטאָן „אויף טערקיש”, האָט ער אייער ציג אויפן צווייטן טאָג שוין אָפּגעשיקט „פּאָ עטאַפּאָם” צום ווייטערדיקן לאַגער און גיי רוף אים קנאַקניסל. און יאַקוב — האָבן מיר געשמועסט — האָט געקענט יעדער ציג פונעם שטעטל און געוווסט וועמענס זי איז; ער האָט קיינמאָל קיין טעות נישט געהאַט.

אין מיין זכרון זענען פאַרבליבן אַ סך פון די דאָזיקע שליחותן פון „פדיון שבויים”, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו מאַכן, ווען איך בין געווען אַ קינד. מיר האָבן געהאַט אונדזער אייגנס דריי ציגן וואָס האָבן באַזאָרגט דאָס היפּשע געזינדל מיט מילכיקס, און זייער אָפּט פלעגט זיך מאַכן אַז זיי האָבן זיך אַראָפּגעכאַפּט צום וואַלד טועם צו זיין אַ פריש ביסל גראָז אָדער דערקוויקן די ציגענע נשמה מיט אַביסל באַטעמטע בלעטער, און פון דאָרט פלעגן זיי נאַטירלעך אַריינפאַלן אין יאַקובס „קאָנצענטראַציע־לאַגער” און מען האָט געדאַרפט גיין אויסלייזן זיי. אַ פּאָר מאָל — געדענק איך — איז מיר אַפילו אויסגעקומען צו גיין אָפּנעמען די ציגן אונדזערע אין דעם לאַגער פון „צווייטער אינסטאַנץ”. דאָס איז שוין פאַר מיר געווען אַ רייזע אין אַנדערן עק וועלט און אַן אויפטו פון אויסערגעוויינלעכער געוואַגטקייט. אין אַזאַ פאַל, האָט מען געדאַרפט דורכגיין די גאַנצע לענג פונעם וואַלד אין זיין סאַמע געדיכטסטן טייל און דערנאָך מיטן ברעג פונעם דניעסטר ביז צום נאָענטסטן דאָרף, ווו עס האָט זיך געפונען דער לאַגער „נומער צוויי”. איך האָב מיך שוין דאַן געהאַט אָנגעלייענט מיט מעשה־נוראס וועגן גזלנים וואָס באַפאַלן איינעם אין אַ וואַלד, באַראַבעווען אים און טוען אים אָן אַ מיתה־משונה. מען דאַרף וויסן זיין, אַז ווען איך בין געגאַנגען אויסלייזן די ציגן אין יענעם לאַגער פון דער „העכערער אינסטאַנץ”, האָב איך מיט זיך מיטגעטראָגן אַ גאַנצן „מאַיאָנטעק” מיט געלט און עס וואָלט מיך גאָרנישט געוווּנדערט ווען איך וואָלט אויפן וועג געווען איבערגעפאַלן

געוואָרן פון אַ גזלן... צום גליק, זענען די אַלע געפּערלעכע עקסקורסיעס מיינע דורכגעגאַנגען בשלום, כאָטש אויסוויייזן פלעגט זיך מיר, אַז פון הינטער יעדן בוים — און דעמבעס זענען דאָרט געווען גאַנץ דיקע — לויערט אויף מיר אַ גזלן.

אויף וויפל איך געדענק, זענען דאָס געווען די ערשטע „ווייטע רייזעס" וואָס איך האָב אויף מיין לעבן דורכגעמאַכט און די עמאָציעס וואָס איך האָב בשעת־מעשה איבערגעלעבט, פיגורירן צווישן די טיפסטע און ווונדער־לעכסטע וואָס איך האָב געפילט אויף מיין ווייטערדיקן לעבנסוועג, ווייל דאָס זענען געווען די עמאָציעס פון דער „ערשטער ליבע" וואָס איך האָב אָנגעהויבן צו „שפּילן" מיט גאָטס שיינער וועלט. און שיין איז זי געווען גאָטס וועלט ביי אונדז אין בעסאַראַביע, באַזונדערס ביי די ברעגן פונעם ווונדערלעכן דניעסטער, דער טייך פון מיין קינדהייט און פריִער יוגנט, מיט זיינע קרישטאָל־ריינע וואַסערן, וועלכער האָט מיט זיין זיגזאַגישן גאַנג דער־גאַנצט די פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע וועלכע שטייט מיר נאָך איצט קלאָר פאַר די אויגן, ווי אַ ריזיק קונסטבילד וואָס גאָט אַליין האָט אויסגעמאָלט.

יאָ, יאַקוב האָט בנוגע די שטעטלשע ציגן אָנגעווענדט דעם מידת־הדין, אָבער קיינער האָט עס אים נישט פאַרעכנט פאַר קיין פּערזענלעכער בייזוויליקייט. דאָס שטעטל האָט עס גיכער אויפגענומען מיט יענער פאַטאַ־ליסטישער רעזיגנאַציע, מיט וועלכע מען האָט אויפגענומען אַנדערע שווערע גזירות פון „מלכות". דערויף איז מען דאָך געווען ייִדן...

***

דאָס שטעטל עקזיסטירט שוין מער נישט אַלס ייִדישער ישוב. די צייט האָט געטון אירס. נאָך איידער עס איז געקומען די גרויסע שרפה וואָס האָט אַלץ אָפּגעווישט ביזן וואָרצל, האָט די יוגנט אָנגעהויבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל און זיך צעפאָרן אין דער גרויסער וועלט אַריין. ווער עס איז אַוועק אין אַ הכשרה־קיבוץ, געוואָרן אַ חלוץ און איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל און ווער עס האָט פאַרלאָזט די הײם און געפאָרן זוכן די צוקונפט אין די אַמעריקאַנער לענדער. אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין עטלעכע לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע און איז מדינת־ישראל, געפינען זיי זיך יענע, וואָס

דער גורל האָט געוואָלט ראַטעווען פון אומקום; און איך בין זיכער אַז אין דעם האַרץ פון יעדן איינעם פון זיי ווי עס ליגט, ווי אַן אוצר, דער אָנדענק פון זייערע ליבסטע וואָס דער גרויזאַמער שונא האָט אומגעבראַכט. געפינען זיך אויך די געפילן וואָס מאַכן וויברירן זייער נשמה אין טיפער בענקעניש נאָך יענע ערטער ווו מען האָט אַזוי זאָרגלאָז און נאַיוו פאַרבראַכט די קינדהייט און די יוגנט. און צווישן די דאָזיקע ערטער — ווי קאָנען מיר פאַרגעסן דעם וואַלד פון אונדזער שטעטל, „אונדזער וואַלד״, וועלכער האָט געהאַט זיין אייגענעם מיסטעריעזן צויבער און זיין חן אין אַלע פיר צייטן פונעם יאָר, פאַר יונג און אַלט?

דער וואַלד איז פאַרבליבן, אָבער ער איז שוין מער נישט קיין ייִדי־שער. נישטאָ מער קיין ייִדישע קינדער וואָס זאָלן דאָרטן פּראַווען זייערע קונדסערייען. נישטאָ קיין ייִדישע שולן וואָס זאָלן שיקן זייערע תלמידים ל״ג בעומר אין וואַלד אַריין. נישטאָ קיין ייִדן וואָס זאָלן פּראַווען שבועות און סוכות און קיינער רייסט היינט נישט אין וואַלד קיין בערלעך אויף צו וואַרפן אום תשעה־באב. די איינציקע וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן זענען די טויטע ייִדן וואָס ליגן אויפן אַלטן בית־עולם, וועלכער געפינט זיך האַרט לעבן וואַלד. און ווער ווייסט — אפשר איז שוין פונעם בית־עולם אויך נישט געבליבן קיין שפור?

און איך בין זיכער, אַז, פּונקט ווי מיר לעבנסגעבליבענע פונעם שטעטל בענקען נאָכן וואַלד, בענקט דער וואַלד נאָך די ייִדן וואָס מען האָט אומגעבראַכט, ווייל אַן זיי האָט זיך אָפּגעטון פון אים די שכינה, וועלכע פלעגט דאָרט שטענדיק רוען.

# אַ יִדישער גאָרטן

גערטנער, איבערהויפּט ווייַנגערטנער (אָדער „זשיִעס”, ווי מען האָט זיי גערופן אין דעם בעסאַראַביער ייִדישן זשאַרגאָן), האָט דאָס שטעטל געהאַט אַ סך, אָבער דערציילן ווילט זיך דאָ וועגן איינעם פון זיי: וועגן „ביילע סאָנעס” גאָרטן. דער דאָזיקער גאָרטן, וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער אונדזער שטוב, האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון און ער זינגט צו מיר אַרויס אין די דעראינערונגען פון דער ווייטער קינדהייט, וועלכע האָט אין זיך געהאַט אַזויפיל נאַטירלעכע פרייד, אַרויסגערופן פון דער פּרעכטיקער לאַנדשאַפט מיט וועלכער עס איז געווען באַשאָנקען די סביבה פונעם שטעטל. אויב איך בין ביז היינט צו טאָג פאַרבליבן מיט אַ „שוואַכקייט” צו דער צעגרינטער נאַטור און מיט אַ סענטימענטאַלער באַציִונג צו פלאַנץ און בוים, האָט מסתמא אין דעם אַ גרויסן חלק ביילע סאָנעס גאָרטן, וועלכער שטייט מיר ווי לעבעדיק פאַר די אויגן; אַזוי לעבעדיק, אַז עס ווייזט זיך מיר אויס אַז איך פיל דעם אַראָמאַט פון זיינע ניסביימער און זע די פראַכט פון זיינע וווּנדערבאַרע פּירות־ביימער, וואָס זענען געווען ווי אַ לעבעדיקער אויסדרוק פון דער געטלעכער ברכה פון אָנהייב פרילינג, ווען זיי האָבן זיך צעבליט מיט זייער פילפאַרביקן צוויט, ביז אין שפּעטן האַרבסט, ווען זיי זענען געשטאַנען באַלאָדן מיט זייערע פּרוכטן און געוואַרט אַז מען זאָל זיי באַפרייען פון זייער לאַסט, ווי עס וואַרטן זאַט־אָנגעפּאַשעטע קי, אַז מען זאָל אויסמעלקן זייערע פולע אייטערס...

איך ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער אַלע גערטנער וואָס אונדזער שטעטל האָט פאַרמאָגט, האָבן געהאַט „ווייבערישע” טיטלען, אויב מען קאָן זיך

אַזוי אויסדריקן; זיי האָבן זיך גערופן אויפן נאָמען פון זייערע באַלעבאָס־טעס און נישט פון די באַלעבאַטים. געווען זענען אין שטעטל דריי אַזעלכע גערטנער, צוויי פון זיי אַ געמיש פון אַ פּרוכטן־סאָד און אַ ווייַנגאָרטן און איינער אויסשליסלעך פון בוים־פּירות. דער לעצטער איז געווען באַקאַנט אַלס „רחל געלעס" גאָרטן און האָט זיך געפונען אין עק שטעטל קעגנ־איבער דעם שפּיטאָל, די אַזוי־גערופענע „זעמסקאַיאַ באָלניצאַ", וועלכע האָט באַדינט די איינוווינער פונעם שטעטל און די פּויערים פון די אַרו־מיקע דערפער. עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו דערציילן, אַז רחל געלעס, די אייגנטימערן פון דעם דאָזיקן גאָרטן, איז אַ פּאָר יאָר צייט געווען דאָ אין אַרגענטינע ביי אירע קינדער, וועלכע האָבן זי אַריבערגעבראַכט צו זיך, אָבער זי האָט זיך אומגעקערט צוריק אין שטעטל אַריין. איך געדענק גוט ווען די אַלטיטשקע האָט זיך אומגעקערט פון אַרגענטינע און מען האָט אויף איר געקוקט ווי אויף אַזעלכער וואָס איז צוריקגעקומען פון „יענער וועלט".

די אַנדערע צוויי גערטנער, וועלכע זענען געווען אַ געמיש פון אַ סאָד און אַ ווייַנגאָרטן, האָבן אויך געטראָגן די נעמען פון זייערע באַלע־באָטעס. איינעם האָט מען גערופן „סאָסע לאהס" גאָרטן און געפונען האָט ער זיך אויסערן שטעטל, קעגנאיבער דעם בית־הקברות. דער צווייטער איז געווען „ביילע סאָנעס" גאָרטן, אויך אַ געמיש פון אַ סאָד און אַ „זשיזע" (ווייַנגאָרטן) און געצויגן האָט ער זיך כמעט פון ביילע סאָנעס שטוב, וואָס האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער פונעם שטעטל, פאַזע אונדזער גאַס, ביז אַראָפּ, צום וואַלד, פון וואַנען מען האָט געזען דעם וווּנדערבאַרן „נעסטר" (דניעסטר), וועלכער האָט זיך געשלענגלט ווי אַ ריזיקער זילבערנער פּאַס צווישן דער פּרעכטיקער פּאַנאָראַמע פון די אַרו־מיקע בערג. פון אונטער ביילע סאָנעס גאָרטן האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער שיפּוע אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען דער וואַלד פונעם שטעטל, דער וואַלד פון מיינע קינדער און יוגנט־יאָרן.

אָט וועגן דעם גאָרטן וויל איך דאָ דערציילן, ווייל ער האָט אין זיך געהאַט עפּעס אַזוינס וואָס די אַנדערע גערטנער האָבן נישט געהאַט. ער האָט געהאַט ספּעציפישע יידישע שטריכן, וועלכע זענען ווי אויסגעשטראַלט געוואָרן איבער אים, נישט דווקא פון זיין באַלעבאָסטע אויף וועמענס נאָ־

## אַ בעסאַראַבער שטעטל

מען מען האָט אים גערופן, נאָר גאָר פון איר מאַן, ווי מיר וועלן ווייטער אַביסל זען.

ביילע סאָנעס האָט געהאַט דעם צווייטן מאַן, משה זוואַהילער, אויפן נאָמען פונעם שטעטל זוואַהיל פון וואַנען ער האָט געשטאַמט, אָבער גערופן האָט מען זי אויפן נאָמען פונעם ערשטן פאַרשטאָרבענעם מאַן, וועלכער האָט געהייסן סאָנע. משה זוואַהילער, איז געווען דאָס וואָס מען רופט אַ „זיידענער מענטש", אַ ייִד אַ גרויסער למדן ,וועלכער איז געזעסן, יומם ולילה, על התורה ועל העבודה, אויסגעטון פון דברי־חול. זי, ביילע, איז געווען דאָס וואָס מען רופט אַן אשת־חיל. געפירט איר באַלעבאַטישקייט מיט ענערגישן שטאַט און זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסער מיוחסת. זי האָט געהאַט אַ באַקאַליינע קלייט און איר אַנזען ביי די מאַלדאוואַנעס פון די אַרומיקע דערפער איז געווען גאָר אַ הויכער. אַ וואָרט פון „זשופּעניאַסע ביילאַ"*) איז פאַר זיי געווען אַ הייליקייט און אַפילו וועגן אַ שידוך פלעגן זיי זיך קומען אַן עצה האַלטן מיט איר, ווייל זי איז געווען אויס־געבונדן מיט דעם יחוס פון די פּויערים פון אַלע דערפער און האָט גע־ווּסט ווער פאַר ווּעמען עס פאַסט יאָ אָדער נישט פאַר אַ מחותן. אויף איר מאַן, משה זוואַהילער, וועלכער פלעגט אין די מאַרק־טעג און יאַרידים איבערייסן דאָס לערנען און אַכטונג געבן אַז מען זאָל עפּעס נישט צוגנבע־נען, האָבן די פּויערים געקוקט ווי אויף אַ הייליקן מאַן. נאָך זיין קליידונג און זיין בנעימותדיקן אופן פון רעדן, האָט ער טאַקע אויסגעזען ווי אַ הייליקער מאַן. שטענדיק איז ער אַרומגעגאַנגען אַ פאַרחלומטער און האָט ווי אַרומגעשוועבט אין אַנדערע וועלטן. צוליב אָט דעם דאַזיקן מאַן, וועל־כער האָט זיך נישט פאַרנומען מיט קיין דברי־חול און זיך כמעט ווי נישט געמישט אין דער באַלעבאַטישקייט, האָט ביילע סאָנעס גאָרטן געהאַט אין זיך עפּעס ייִדיש־ביבליש.

אין די בעסאַראַבער שטעטלעך, זענען אַזעלכע ייִדן ווי משה זוואַהי־לער געווען אַ זעלטענע דערשיינונג און ער האָט זיך פאַר דער אַרומיקער פּראָסטער סביבה פון ייִדישע פּויערים, טיטון־פּלאַנטאַטאָרס, באַלמעלאָכעס, פערד־סוחרים און מעקלערס, אויסגעטיילט מיט זיין לומדישער אַריסטאָ־

---

*) האַרנטע ביילע.

קראַטישקייט, מיט זיין עניוות און אַפילו מיט זיין הלבשה. ער איז געווען פון נידעריקן וווקס, אַ דריבנינקער, מיט אַן איידל פּנים פון אַ תלמיד־חכם און איז שטענדיק געגאַנגען אָנגעטאָן יום־טובדיק, מיט אַ לאַנגער אַטלאַסענער קאַפּאָטע און אַ סאַמעטענעם קאַשקעט. געווען איז ער אַ טאַל־נער חסיד (אויך אַ זעלטנקייט ביי אונדז אין שטעטל) און פלעגט אויף יום־טוב פאָרן צום רבין. אָט די אַנדערשקייט, צוזאַמען מיט זיין גריילעכער לומדות און זיין גרויסער באַשיידנקייט, האָבן לגבי אים געשאַפן אַ באַציִונג פון גרויס דרך־ארץ. אויף וויפל איך געדענק אים, האָט ער שטענדיק גע־לעבט אַן איינזאַמער, אַריינגעטאָן אין זיך, נישט געקהלט זיך, און אויך אין שיל ווו ער האָט געהאַט זיין „מזרח־שטאָט" אין דעם סאַמע צפונדיקן עק פון דער מזרח־וואַנט, איז ער שטענדיק געזעסן ווי אין אַ שטרענגער התבודדות. אַריינגעטאָן אין זיך ווען ער האָט געדאַוונט בציבור, אָדער אַריינגעקוקט אין אַ ספר ווען מען האָט נישט געדאַוונט.

ביילע סאָנעס אַליין, איז דווקא געווען דער היפּוך פון איר מאַן, מיט וועלכן זי האָט געהאַט דריי קינדער, אַ טאָכטער און צוויי זכרים. דער איינ־ציקער זון אירער פון ערשטן מאַן, מנשה האָט ער געהייסן (גערופן האָט מען אים מנשה ביילע סאָנעס), האָט געהאַט אַ האַלבן האַרב און איז געווען אַ מענטש מיט אַ באַדייטנדיקער וועלטלעכער בילדונג און אַ בן־תורה. טראָץ אָט־דעם פיזישן חסרון, האָט ער חתונה געהאַט מיטן רבס אַ טאָכ־טער און איז געווען אַ שטיקל בעל־גאווה. אין דעם זין, איז ער געווען געראָטן אין דער מוטער, וועלכע האָט מיט איר גאַנצן שטעל נישט אויפ־געהערט אונטערצושטרייכן איר יחוס, הגם קיינער האָט נישט געוווסט אין וואָס ער איז באַשטאַנען. אויך מיט די יינגערע קינדער פונעם צווייטן מאַן, האָט זי געטון „שיינע שידוכים". און בכלל, מיט יעדן ריר געגעבן אָנצוהערן אַז זי איז נישט אַבי־ווער, אַז זי איז ביילע סאָנעס. דעם מאַן אירן, משה זוואַהילער, האָט זי אָפּגעהיט ווי מען היט אָפּ אַן אתרוג אָדער א בריליאַנט, ווייל ער איז געווען דער לעבעדיקער קענצייכן פון איר פּראָ־מינענטן יחוס, הגם ער אַליין, משה, האָט וועגן דעם נישט געהאַט די מינדעסטע אַנונג, פּשוט דערפאַר, ווייל ער איז געווען די פּשטות און די עניוות אַליין.

איך קאָן מיך נישט דערמאָנען אַז איך זאָל ווען עס איז האָבן געזען

ביילע סאָנעס אין איר אייגענעם גאָרטן. אָבער דעם מאַן אירן, משה זוואַהילער, האָב איך זייער אָפט געזען אַרומשפּאַצירן צווישן די ביימער אַ פאַרטראַכטן, אַ פאַרחלומטן און ווי אויסגעטאָן פון דער וועלט. דאָ, אין דער סביבה פון דער נאַטור, פלעגט, דאַכט זיך, זיין איינזאַמע נשמה געפינען אַ תיקון און גאַנץ אָפט האָט מען אים געקאָנט זען זיך אָפּשטעלן לעבן אַ בוים, לעבן אַ ווייַנשטאָק און זיך איינקוקן אַ פאַרליבטער אין די וווּנדער פון דער יצירה. זי אַליין, ביילע סאָנעס, אויף וועמענס נאָמען מען האָט דעם גאָרטן גערופן, האָט מען שטענדיק געזען אין דער באַקאַליינער קלייט וווּ זי האָט געמסחרט און זיך געדונגען מיט די פּויערים. דער גאָרטן, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער פּאַרק, איז איר ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען, ווייל קיין פּרנסה האָט זי פון אים נישט געדאַרפט ציִען. דער פאַקטישער הערשער איבערן גאָרטן איז געווען דער אייגאויגיקער ניקאָלאַי, דער „סטאָראָזש“ (וועכטער) פונעם גאָרטן, וועלכער האָט געוווינט אין אַן אַלטער כאַטע וואָס האָט זיך געפונען אונטן, ביים ראַנד פונעם גאָרטן, לעבן דער שטעטלשער באָד, אַרומגערינגלט מיט בייזע הינט, פאַר וועלכע מיר יאַטן האָבן געציטערט — אימת מוות. ניקאָלאַי איז, אויסער „סטאָראָזש“ ביי ביילע סאָנעס אין גאָרטן אויך געווען דער „שבת־גוי“ פון אונדזער גאַס און דער „הויכסעזאָן“ פון דער דאָזיקער „פּראָפעסיע“ זיינער איז געווען ווינטער, ווען ער פלעגט, אויסער אַראָפּנעמען די לייכטער פון טיש, דאַרפן איינהייצן אין די הרובעס פון ייִדישע הייזער. אין די ווינטערדיקע שבתים, פלעגט ניקאָלאַי באַקומען, אויסער אַ שטיק ווייסע חלה מיט אַ טעלער צימעס, אויך אַ מזומנעם „זעקסער“ (דריי קאָפּיקעס) און לויט דער צאָל הרובעס וואָס ער האָט איינגעהייצט, פלעגט אים אַריינפאַלן אַ גאַנץ־נישקשהדיקער פּדיון, וועלכן ער פלעגט אויסגעבן אויף בראָנפן. און ניקאָלאַי איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביים פענצטערל פון דעם שטעטלשן מאָנאָפּאָל, ווו מען האָט פאַרקויפט בראָנפן, ווען מען האָט ניקאָלאַיען געזען אַ ניכטערן, האָט ער אויסגעזען מאָדנע — אומנאַטירלעך; זיין נאַטור איז געווען — שיכרות.

אָבער נישט ביילע סאָנעס און נישט ניקאָלאַי, להבדיל, וועלכע האָבן געהאַט אַ דירעקטע שייכות מיטן גאָרטן זענען פאַר אונדז יאַטן געווען די הויפּטהעלדן. די נשמה פונעם גאָרטן איז געווען משה זוואַהילער, וועל־

כער האָט, ווייזט אויס, געפונען צווישן זיינע ביימער און ווינשטאָקן אַן אָפּרו פאַר זיין גייסטיקער אומרויִקייט. איך דערמאָן מיך ווי ער פלעגט אַרומגיין צווישן די ביימער פאַרטראַכט, ווי גלייך ער וואָלט ביי די פלאַנצן געזוכט אַ באַשייד אויף נישט־פאַרענטפערטע שאלות וואָס האָבן געמאַטערט זיין געמיט. אויב אונדז קליינע יאַטן האָבן שטענדיק געלאָקט די פּרוכטן, וואָס זענען ממש געווען מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, און מיר פלעגן אָפּט עובר זיין אויפן געבאָט פון „לא תגנוב", האָט די פיגור פון משה זוואָהילער זיכער אַרויסגערופן ביי אונדז אַ געפיל פון חרטה אויף דער עבירה וואָס מיר זענען באַגאַנגען, במזיד. צווישן די ביימער פונעם גאָרטן, האָט ער באמת אויסגעזען ווי אַ הייליקער מאַן אין זיין התבודדות און דאָס קינדערשע געוויסן פלעגט אונדז פּלאָגן פאַרוואָס מיר האָבן עובר געווען אויף אַזאַ הייליקן געבאָט פון די עשרת הדברות און אָפּגעריסן עטלעכע עפּל אָדער ניס, ווען קיינער האָט נישט געזען. יעדנ־פאַלס, איז די באַציִונג פון משה זוואָהילער לגבי די קינדער וואָס האָבן געוווינט אין דער שכנות פונעם גאָרטן געווען אַזאַ ליבלעכע און האַר־ציקע, אַז זיין פּערזאָן האָט ביי אונדז געמוזט אַרויסרופן חרטה ווען מיר זענען באַגאַנגען אַן „עבירה", לויט אונדזערע עטישע באַגריפן.

אין הסכם מיט די געבאָטן פון פּריוואַט אייגנטום, איז דער גאָרטן געווען פאַרשלאָסן פאַר וועלכער עס איז פרעמדער פּערזאָן. אין דעם זין, האָט אויך דער פולשטענדיקער „אַמאַטעריאַליסט" משה זוואָהילער זיך געהאַלטן ביי די אָנגענומענע נאָרמעס און קיינעם נישט אַריינגעלאָזט אין גאָרטן, סתם אַזוי. עס איז אָבער געווען אַ מאָמענט, ווען ער האָט געמאַכט אַן אויסנאַם: דאָס איז געווען דעמאָלט ווען די פּרוכטן פלעגן צייטיק ווערן און משה זוואָהילער האָט געפייערט דעם „יום הביכורים" פונעם גאָרטן. ער פלעגט זיך נוהג זיין, אַז מען האָט קיינמאָל נישט אָנגעהויבן אַראָפּצו־נעמען די פּרוכטן ביז ער האָט נישט געפייערט „אָפיציעל" דעם ביכורים־טאָג. און פייערן דעם דאָזיקן יום־טוב פלעגט ער דורך צונויפרופן דאָס קליינוואַרג פון אונדזער גאַס, וועלכע האָט זיך געגרענעצט מיטן גאָרטן, און אונדז טיילן ביכורים מיט די אייגענע הענט. אין אָט דעם מאָמענט, האָט ער באמת אויסגעזען ווי אַ פאַרצייטיקע ביבלישע פיגור, ערגעץ אין דעם הייליקן לאַנד, באַשטראַלט מיטן אָרעאָל פון קדושה. עס האָט אויס־

געזען ווי די שכינה וואָלט אויף אים גערוט, בעת ער האָט יעדן פֿון אונדז אויסגעטיילט די ביכורים אין פּאַפּירענע שקאַרמוצן און בשעת־מעשה געוואָרנט, אַז מיר זאָלן חלילה נישט טועם זיין ביז מיר וועלן נישט מאַכן אַ ברכה.

דאָס פֿלעגט פּאַסירן סיי ווען עס זענען צייטיק געוואָרן די ווייַנטרויבן און סיי די אַנדערע פּרוכטן פֿונעם גאָרטן. מיט אַ באַזונדערער הנאה פֿלעגט ער דורכפֿירן די דאָזיקע צערעמאָניע, נישט סתם ווי אַ צייט־פֿאַרטרייב, נאָר ווי אַ געבאָט פֿון דער הייליקער תורה. דאָס אויסטיילן ביכורים פֿאַר די קינדער האָט ביי אים געטראָגן, ווייזט אויס, אַ טיף־רעליגיעזן כאַראַקטער. אויף וויפֿיל איך געדענק (עס איז שוין אַ מעשה פֿון איבער פֿינפֿאונפֿערציק יאָר), איז די ביכורים־צערעמאָניע פֿאַר אונדז קינדער געווען אַ טיפֿע איבערלעבונג און מיר פֿלעגן אויף איר וואַרטן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שפּאַנונג. דערצויגענע אויף די תנכישע מעשיות, וועלכע מיר פֿלעגן איבערלעבן רעאַליסטיש, ווי אַקטועלע גע־שעענישן, און נישט ווי טויזנט־יאָריקע, פֿאַרצייטיקע לעגענדעס, איז פֿאַר אונדז די ביכורים־צערעמאָניע אין ביילע סאָנעס גאָרטן, מיט משה זוואַ־הילער, געווען עפּעס ווי אַ געמיש פֿון פֿאַנטאַזיע אוןווירקלעכקייט. אין די אויגן פֿונעם קליינוואַרג, האָט משה זוואָהילער ביים אויסטיילן די ביכורים, אויסגעזען ווי די פֿאַרקערפּערונג פֿון אַ מין אליהו־הנביא, נישט אַנדערש. זיין פּערזאָן און זיין התנהגות האָבן אויף אַזויפֿיל משפּיע געווען, אַז „ביילע סאָנעס" גאָרטן, וועלכער איז נישט געווען דער איינציקער אין שטעטל, איז פֿאַר אונדז געוואָרן דער סינאָנים פֿון אַ ייִדישן גאָרטן, אַ גאָרטן וואָס האָט געהאַט אין זיך עפּעס פֿון ביבלישן אַראָמאַט, אַ גאָרטן וווּ די ביימער זענען געווען ייִדישע און וווּ דער ווייַנשטאָק האָט געאָטעמט מיט פֿאַרצייטיקער תנכישער קדושה.

דער לעצטער איינדרוק פֿון משה זוואָהילער איז מיר פֿאַרבליבן ווען ער איז געשטאָרבן. געווען איז דאָס אין שפּעטן האַרבסט, אָסיען־צייט, אין דעם צווייטן יאָר פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער איז געשטאָרבן ערגעץ אין דער פֿרעמד, ווייט פֿון דער היים, און די טרויעריקע בשורה איז דערהאַלטן געוואָרן טעלעגראַפֿיש. איך בין דעמאָלט געווען אַ קינד פֿון אַ יאָר צוועלף, אָבער איך געדענק גוט דעם יאָמער פֿון ביילע סאָנעס,

ווען מען האָט איר אָנגעזאָגט די טרויעריקע בשורה. איך קאָן ביז צום הײַנטיקן טאָג נישט פאַרשטיין פאַרוואָס זי האָט די געפילן אירע דווקא געדאַרפט ברענגען צום אויסדרוק עפנטלעך, ווייל עס גדעדענקט זיך מיר ווי זי איז אומגעגאַנגען פאַר דער שטוב און זיך געבראָכן די הענט. מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און טיף באַדויערט. אין די קליינע יידישע שטעטלעך איז דער טויט פון אַ תושב געווען אַ געשעעניש וואָס האָט דערגרייכט צום האַרצן פון יעדן איינעם. דער טויט פון משה זוואָהילער, וועלכער איז נאָך דערצו געשטאָרבן אין דער פרעמד, האָט ביי יעדן איינעם אַרויסגערופן אַ טיפן טרויער, ווייל ער האָט זיך שטאַרק אָנגעזען ביים לעבן, הגם ער איז געווען אַ גרויסער ענוו און אַ „נחבא אל הכלים”, אַ צוריקגעצויגענער מענטש.

דאָס שטעטל האָט געטרויערט, אָבער מער פון אַלעמען האָבן דאַכט זיך געטרויערט די ביימער פונעם גאָרטן, וועלכע זענען געשטאַנען נאַקעטע און געוויינט אויף זייער איידעלן באַלעבאָס, וועלכן זיי האָבן שוין מער קיינמאָל נישט געזען...

# דער „שיפּעט“

פֿאַר די וואַסער־הצטרכותן, האָט דאָס שטעטל געהאַט עטלעכע טיפֿע קערניצעס מיט גוטן וואַסער. עס האָט אויך געהאַט אַ וואַסערפֿירער — שמעון קאַטאַש, האָט מען אים גערופֿן — וואָס פֿלעגט ברענגען וואַסער פֿון דער „זאָלעשענער קערנעצע“, אַ פֿעלד־ברונעם אויפֿן וועג צום דאָרף זאָלעשען, לעבן וועלכער עס איז געשטאַנען אַ צלם מיט אַ צונעגלטן קריסטוס. דאָס פּאָפּולערסטע פּלאַץ אָבער, ווו די שטעטלשע איינוווינער האָבן גענומען וואַסער, איז געווען דער „שיפּעט“, אַ וואַסער־קוואַל וואָס האָט זיך געפֿונען אין דער „ריפּע“ (יאַר) אין צפֿונדיקן עק פֿונעם שטעטל. צו דעם דאָזיקן קוואַל פֿלעגט מען קומען שעפּן וואַסער פֿון דעם צווייטן עק שטעטל און מיט רעכט: דאָס וואַסער פֿונעם „שיפּעט“ איז געווען לויטער ווי קרישטאָל און האָט געהאַט אַ טעם גן־עדן. זומער, אין די גרעסטע היצן, איז דאָס וואַסער פֿון דעם דאָזיקן קוואַל געווען אַזוי קאַלט, גלייך עס וואָלט געשטאַנען אויף אייז.

דאָס שטעטל האָט אייגנטלעך געהאַט נאָך איין „שיפּעט“, וועלכן מען האָט גערופֿן דער „וואַלד־שיפּעט“ און געפֿונען האָט ער זיך אין אַ צווייטן טיפֿן יאַר אין אַנדערן עק שטעטל, אין דער סאַמע געדיכטעניש פֿונעם וואַלד. אַהין איז שוין געווען צו ווייט צו גיין און נאָר מיר, קליינע חברה, זענען געווען בעלנים זיך דורכצושפּאַצירן אין די זומער־טעג צום „וואַלד־שיפּעט“ טרינקען וואַסער. הגם דאָס וואַסער פֿונעם וואַלד־שיפּעט איז נישט געווען בעסער ווי דאָס וואַסער פֿונעם אַנדערן קוואַל, האָט דאָס גיין אַהין געשמעקט מיט אַוואַנטורע, מיט ספּאָרט, און פֿון אַזעלכע זאַכן האָבן מיר זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. צום וואַלד־שיפּעט האָט מען געדאַרפֿט

דורכגיין געדיכטע וואַלד־אַלייען, מיט אַלטע ריזיקעביימער און דאָס האָט פאַר אונדז געהאַט אַ באַזונדערן רייץ. ער האָט זיך געפונען טיף אין דער „ריפּע", ווו עס זענען געווען אָנגעוואָרפן ריזיקע פעלזן, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פונעם שטייניקן באַרג, און צווישן די דאָזיקע אָנגעוואָרפענע פעלזן, האָבן אייביק געראַוישט די וואַסער־ריטשקעס וואָס האָבן געאײַלט אין זייער גאַנג צום דניעסטער. די טיפע דממה פונעם געדיכטן וואַלד, דאָס זשומען פון די רמשים, דאָס געזאַנג פון די פייגל, האָט ווי צוגעגעבן אַ מיסטעריעזן כאַראַקטער אונדזערע אויספלוגן צום וואַלד־שיפּעט.

פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן אָבער פונעם שטעטל איז דער וואַלד־שיפּעט געווען אַ „ווייטע זאַך". דער צווייטער „שיפּעט" איז געווען דאָס וואָס מען רופט אַ זאַך פון „שטענדיקן געברויך" פאַר די איינוווינער און אַפילו די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. ווען זיי פלעגן קומען אין שטעטל אַריין, האָבן זיי זיך אַראָפּגעכאַפּט אין דער „ריפּע" צום שיפּעט אָנצוטרינקען זיך מיט זיין קרישטאָל־ריינעם באַטעמטן וואַסער. קיינער האָט נישט גע־ווּסט צו דערציילן ווען דער דאָזיקער קוואַל איז דאָרט דערשינען אין דער פאַרעם ווי מיר האָבן אים טאָג־טעגלעך געזען. יעדער איינער האָט געהאַט דאָס געפיל אַז ער איז באַשאַפן געוואָרן צוזאַמען מיטן הימל, מיט דער זון, מיט דער לבנה און די שטערן, נאָך משׁשת ימי בראשית. קיינער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן דאָס שטעטל אָן דעם „שיפּעט" און אויף אַזאַ אופן איז ער ווי אַלץ אין און אַרום דעם שטעטל געווען — אַ „יידישער" שיפּעט. אַזוי ווי אַלע וואָס זענען געקומען צו אים אָנשעפּן וואַסער האָבן גערעדט יידיש, געזונגען יידיש און זיך געקריגט פאַר דער ריי אָנצושעפּן וואַסער אויף יידיש, האָט דאָס גערויש פון דעם וואַסער וואָס האָט אייביק געפלאָסן פון אים, אויך געקלונגען יידיש.

געפּינען האָט ער זיך נישט ווייט פון דער „זעמסקאַיאַ באָלניצאַ", דער שפּיטאָל פונעם שטעטל, וואָס האָט באַדינט די גאַנצע סביבה, און באַשטאַנען איז ער פון אַ פּרימיטיווער הילצערנער קאַריטע וואָס האָט געשטעקט אין דעם ליימיקן באָדן פון דער „ריפּע". פון דער דאָזיקער קאָריטע האָט אייביק געפלאָסן דאָס וואַסער. אַראָפּגיין אַהין האָט מען גע־דאַרפט דורך שטיינערנע טרעפּ וואָס זענען אין פאַרלויף פון די יאָרן קאַליע געוואָרן און ווען עס פלעגט רעגענען אָדער ווינטערצייט, ווען די

טרעף זענען באַדעקט געוואָרן מיט אייז, איז געווען ממש סכנות־נפשות דאָרט אַראָפּצוגיין. מען האָט געדאַרפט זיין גאָר פלינק און געוואָגט זיך צו לאָזן גיין אויף די דאָזיקע טרעפּ, ווען זיי זענען געווען גליטשיק, און אַ סך פלעגן זיך טאַקע אויסגליטשן און ברעכן רוק און לענד. עס איז אָבער אַלץ כדאי געווען, אַבי אָנצושעפּן אַן עמער וואַסער פונעם „שיפּעט״.

צווישן אַנדערע לאַנדשאַפטן, געשטאַלטן און טרעפעניש פון מיין ווייטער קינדהייט, געדענק איך דעם „שיפּעט״, ווי עפּעס אייגנס. פון דער פריסטער קינדהייט אָן בין איך געווען אַ פאַרטראַכטער פאַרשוין, וואָס פלעגט ליב האָבן צו מאַכן מאָדנע אויספירן פון אַלץ וואָס איך האָב געזען אַרום זיך. דער „שיפּעט״ איז פאַר מיר געווען נישט סתם אַ הילצערנע קאָריטע פון וועלכער עס האָט גערונען וואַסער, נאָר עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכע זאַך, עפּעס אַזוינס ווי אַ נס, וואָס לאָזט זיך נישט דערקלערן. דאָס וואַסער פון די קערנעצעס, איז פאַר מיר געווען אַ „פאַרשטענדלעכע״ זאַך; דאָס וואַסער אָבער וואָס פלעגט אַרויסקומען דורך דער קאָריטע פון די טיפעניש פון דער ערד, איז פאַר מיר געווען אַ מיסטעריע. און נאָך עפּעס: די וואַסערן פונעם „שיפּעט״ שטראָמען אייביק און פאַרייניקן זיך מיט די אַנדערע ריטשקעס וואָס ציִען צום „נעסטר״ און דער „נעסטר״, זאָגט מען, ציט זיך וויַיט און דערנאָך פאַלט ער אַריין אין ים אַריין. הייסט עס, אַז דער „שיפּעט״ האָט אַ שייכות מיטן ים און דער ים, זאָגט מען, איז גרויס, אומגעהויער גרויס, ער האָט נישט קיין ברעג. נו, הייסט עס נישט אַז דער „שיפּעט״ איז נישט קיין געוויינלעכע זאַך? און ווען איז ער געבוירן געוואָרן דער „שיפּעט״, ווער האָט אים געמאַכט, ווער האָט אַריינגעשטעלט די קאָריטע און וואָס איז די מעשה וואָס דאָס וואַסער ענדיקט זיך קיינמאָל נישט?

צווישן די זאַכן וואָס איך האָב ליב געהאַט קינדערוויַיז, איז געווען דאָס גיין ברענגען וואַסער פונעם „שיפּעט״. די מאַמע האָט שוין געוווּסט אַז מיך דאַרף מען קיין סך נישט בעטן אַז איך זאָל נעמען אַ פּאָר עמער און גיין ברענגען וואַסער פונעם „שיפּעט״. און מיין מאַמע איז געווען זיכער אַז די טיי וואָס זי זידט אויף מיט וואַסער פונעם „שיפּעט״ איז באַטעמטער ווי די וואָס מען מאַכט מיט דער וואַסער פון דער קערנעצע. זי האָט אַפילו געוווּסט צו דערציילן אַז די ראָטשילדס וואָס זי פאַרקנייט מיט דעם וואַ־

סער פונעם „שיפּעט" גייט אויף בעסער ווי די וואָס זי פּאַרמישט מיט אַנדער וואַסער. אַפילו דאָס גרעט וואָס מען האָט געוואַשן מיט דעם וואַסער פונעם „שיפּעט" איז געווען ווייכער, קלאָרער. און עס קאָן זיין, אַז דאָס איז נישט געווען איבערגעטריבן. מעגלעך, אַז ווען אַ כעמיקער וואָלט אַנאַליזירט דאָס וואַסער פונעם „שיפּעט", וואָלט ער אין דעם געפונען אַזוינס וואָס האָט עס געמאַכט אַנדערש ווי דאָס וואַסער פון אַנדערע ברונעמער.

איך געדענק אַז עס האָט זיך איינמאָל פאַרגלוסט איינעם פון די שטעטלשע איינוווינער מיט איניציאַטיווע צו מאַכן אַ צווייטן „שיפּעט" אין דעם זעלבן יאָר אויף אַ פּאָר צענדליק שפּאַן פון דעם אַלטן „שיפּעט". ער האָט זיין ציל דערגרייכט, ווייל קיין וואַסער האָט אין אונדזער געגנט נישט געפעלט. דער צווייטער „שיפּעט" איז אַפילו געמאַכט געוואָרן מאָדערנער, מיט אַ צעמענטענער רער און מיט פאַרשידענע באַקוועמלעכקייטן צוצוקומען צו אים, אָבער אין קלייניקייט: דאָס וואַסער איז נישט געווען דאָס זעלבע וואָס פונעם אַלטן „שיפּעט". עס איז אויך געווען קלאָר און גוט וואַסער, אָבער דאָך פלעגט זיך אָפּזעצן זאַמד אויפן דעק פון דער כלי. דאַקעגן דאָס וואַסער פונעם אַלטן „שיפּעט", איז געווען אַזוי ריין, גלייך עס וואָלט געווען דורכגעגאַנגען דורך אַ פילטער. נאָך דער דאָזיקער פּראָבע, איז דער פּרעסטיזש פונעם אַלטן „שיפּעט" נאָך מער אויסגעוואַקסן און ביי מיר איז נישט געבליבן קיין מינדעסטער ספק אַז דער דאָזיקער קוואַל איז באַשאַפן געוואָרן על־פּי־נס.

מיטן „שיפּעט" זענען פאַרבונדן די סובלימסטע זכרונות פון מיין קינדהייט און פון מיין יוגנט. אַז איך טראַכט וועגן דעם „שיפּעט" דערמאָן איך מיך אין מיין מאַמען. זי האָט ליב געהאַט צו טרינקען טיי געמאַכט מיט דער וואַסער פונעם „שיפּעט". אין איר פאַרהאַרעוועטן לעבן פון אַ האָרעפּאַשנער יידישער פרוי, איז דאָס געווען איינער פון די פאַרגעניגנס וואָס זי האָט זיך געקאָנט אָנטאָן און איך בין שטענדיק געווען גרייט צו פאַרשאַפן איר דעם דאָזיקן באַשיידענעם פאַרגעניגן. ווען זי פלעגט אַ זאָג־טאָן: „פּאַליקל, זון — גיב אַ טאַנץ־אַראָפּ צום „שיפּעט" און ברענג אַן עמער וואַסער", האָט זי געוווּסט אַז איר ווונטש וועט דערפילט ווערן, ווייל אויסער מיין גרייטקייט צו פאָלגן זי, איז דאָס פאַר מיר געווען אַ

געלעגנהייט צו גיין צום „שיפּעט“ און צום וויפּלסטן מאָל זיך אָנזאַפּן מיט דעם מיסטעריעזן צויבער פון זיין אייביקן שטראָמען... ווייזט אויס, אַז מיין מאַמע האָט געקענט מיינע שוואַכקייטן און זי פלעגט זיי אויסניצן.

באַזונדערס, פלעג איך ליב האָבן גיין צום „שיפּעט“ אין די זומער־טעג, ווען אינדרויסן האָבן געברענט די היצן. אויבן איז געווען אַ חמימה וואָס האָט פּריטשמעליעט, אָבער אונטן, אין דער „ריפּע“, ווו עס האָט זיך געפונען דער „שיפּעט“ איז געווען קיל און אויסגעזען האָט עס, אַז דער קוואַל ברענגט די דאָזיקע קילקייט מיט זיין לויטערער וואַסער פון די טיפענישן פון דער ערד. מיט דער דאָזיקער וואַסער האָט ווי אַרויס־געשטראָמט אַ ברכה, וואָס האָט געהאַט אין זיך עפּעס געטלעכס, איבער־נאַטירלעכס, הגם אויסערלעך האָט זיך עס געהאַנדלט נישט מער ווי וועגן אַ פּרימיטיווער הילצערנער קאָרעטע, פון וועלכער עס האָט אייביק גע־רונען וואַסער.

ווען איך טראַכט וועגן דעם „שיפּעט“, דערמאָן איך מיך אין דעם ליבסטן פון מיינע קינדער־יאָרן. צוזאַמען מיט דעם זיידענעם גערויש פון זיין לויטערער וואַסער הער איך די שטים פון מיין מאַמען — אַ מוסטער פון אַן אַרבעטסזאַמער יידישער פרוי — וואָס פלעגט מיר אין די זומער־דיקע פרייטיק פּאַרנאַכטן, ווען זי איז געזעסן און זיך אָפּגערוט פון אַ שווערן טאָג אַרבעט נאָך ליכט־בענטשן, אַ זאָג־טון: „גיב אַ לויף, פּאַליקל, זון, צום „שיפּעט“ און ברענג אַן עמער קאַלטע וואַסער צום עסן... דער טאַטע וועט שוין באַלד קומען פון דער שיל, גיב אַ לויף, טייערער“.

...און ווען איך האָב נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געלייענט אַז מיין שטעטל איז פון די רומענישע באַרבאַרן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שוידערלעכן קאָנצענטראַציע־לאַגער און אַז מענטשן זענען דאָרט גע־שטאָרבן פון דורשט, איז מיין ערשטע טראַכטעניש געווען: און דער „שי־פּעט“? צי איז מעגלעך אַז אין אַ געגנט ווו עס געפינט זיך דער „שיפּעט“ זאָלן מענטשן שטאַרבן פון דורשט? און איך בין געקומען צו דער מסקנא אַז — עס איז מעגלעך. ווייל דעם „שיפּעט“ האָט גאָט באַשאַפן און די מענטשן האָבן אין יענע טרויעריקע טעג פאַרגעסן אין גאָט. עס האָט

פאַליק לערנער

דעריבער געקאַנט פאַסירן אַז דאָס וואַסער פונעם „שיפּעט“ האָט, ווי שטענדיק, געשטראָמט אַ לויטערס, אַ זויבערס און קילס, אָבער צו די דורשטיקע מענטשן איז עס נישט דערגאַנגען. דער „שיפּעט“ איז דאָ גאָר־נישט געווען שולדיק און אין מיינע זכרונות געדענק איך ווי אַ ברכה פון גאָט.

# שילן

פינף שילן האָט דאָס שטעטל געהאַט און יעדע פון זיי האָט געהאַט איר באַזונדערן אויסזען, באַזונדערע כאַראַקטער־שטריכן און איז געווען דער זאַמלפּונקט פון באַשטימטע שיכטן פון דער שטעטלשער באַפעלקע־רונג. די שיל אין דעם יידישן שטעטל איז, ווי באַוווסט, געווען נישט נאָר דאָס מקום־תפילה, וווּ מען איז געקומען זיך מתדבק זיין מיט גאָט, נאָר אויך — און איבערהויפּט — דאָס פּלאַץ ווו עס איז זיך צונויפגעקומען דער מענטש מיטן מענטש, אָדער בעסער־געזאָגט — דער ייִד מיטן ייִד. אין שיל איז געקומען צום אויסדרוק נישט נאָר דאָס רעליגיעזע געפיל פונעם יידן, נאָר אויך זיין ווילן זיך אויסצולעבן בציבור, געזעלשאַפטלעך. די שיל איז אייגנטלעך געווען אַ געמיש פון אַ מקום־קדוש און אַ געזעל־שאַפטלעכער קלוב. אין דעם זין איז די שיל נישט געווען, ווי די נישט־יידישע קירכע, אַן אָפּגעזונדערט פּלאַץ וווּהין מען איז געקומען אָפּזאָגן אין דער שטיל די פּאָר תפילות און אַוועקגיין, נאָר אַ פּלאַץ ווו עס האָט געברויזט מיט דעם יידישן כלל־לעבן און ווו דער יחיד האָט בפועל ממש דערפילט זיין אָנגעהעריקייט צו אַ קאָלעקטיוו נישט נאָר פון איין רעליגיע, נאָר אויך פון אַ באַשטימטן לעבנסאַרט, באַשטימטע געזעלשאַפטלעך־נאַ־ציאָנאַלע צילן און פון אַ באַשטימטן גורל. אין דעם זין האָט די שיל געשפּילט אַ פונדאַמענטאַלע ראָלע אין דעם געוועזענעם יידישן שטעטל. אין דער שיל האָט זיך קאָנצענטרירט דער גרעסטער טייל פונעם יידישן עכטן לעבנסשטייגער.

יעדע איינע פון די פינף שילן האָט מען גערופן מיט אַן אַנדער

נאָמען. אָט זענען די נעמען: די „ווייסע שיל", די „רויטע קלויז", די „דייטשע שיל", דאָס „שטומע קלייזל" און די שניידערשע שיל.

די „ווייסע שיל" איז געווען די עלטסטע פונעם שטעטל. דאָס איז געווען אַ גרויסע געביידע, געבויט פון שטיינער, וואָס איז געשטאַנען אין דעם סאַמע רעכטן צענטער פונעם שטעטל. פון פאָרנט האָט זי אויסגעזען ווי פון צוויי גאָרן, ווייל דאָ האָט זיך געפונען די ווייבערשע שיל, צו וועלכער מען פלעגט אַרויפגיין דורך זייטיקע טרעפּ וואָס האָבן זיך געפונען ביים רעכטן אַריינגאַנג צו דער גאַס ווו מיר האָבן געוווינט. דער פראָנט פון דער שיל האָט געקוקט צו דער ברייטער מאַרק־גאַס פונעם שטעטל. דאָ איז געווען דער אַריינגאַנג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קליינעם פּאָליש, אין איין זייט איז געווען אַ גרעסערער פּאָליש, ווו יידן פלעגן פירן וויכוחים און פון דער צווייטער זייט האָט זיך געפונען אַ קליין שילעכל ווו יידן פלעגן מאַכן אַ מנין אין די פאַרטאָגן און ווו למדנים פונעם שטעטל האָבן געלערנט אַ פּרק משניות אָדער אַ בלאַט גמרא. די הויפּט־שיל אַליין איז געווען אַ גרויסע מיט ריזיקע פענצטער און מען פלעגט אַהין אַרויפגיין אויף עטלעכע טרעפּ. די צפון און דרום־ווענט פון דער שיל האָבן זיך געפונען ביי די אַריינגענג פון אונדזער גאַס און די מזרח־וואַנט האָט אינגאַנצן געקוקט צו אונדזער גאַס, ווו סאַמע אונטן, לעבןביילע סאָנעס גאָרטן האָט זיך געפונען די שטעטלשע באָד. אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן און ימים־טובים פלעגן די גרויסע פענצטער פון דער ווייסער שיל זיך צעלייכטן און האָבן אילומינירט אַ שטיק פון אונדזער גאַס. פון אונדזער גאַניק האָט מען קלאָר געזען ווי יידן, איינגעהילט אין די טליתים, האָבן געדאַוונט אין שבת־פרימאָרגנס און ימים־טובים. ווען עס איז געווען שטיל, האָט מען אַפילו געהערט די קלינגענדיקע שטים פון אברהם שוחט, וועלכער איז געווען דער שטענדיקער בעל־תפילה פון דער „ווייסער שיל".

די ווייסע שיל האָט אין מיר געלאָזט אומאָפּווישבאַרע זכרונות פון דער קינדהייט. זי האָט זיך געפונען אויף אַן אָנשיט, פון וועלכן מיר פלעגן ווינטער זיך אַראָפּלאָזן מיט די שליטעלעך. פרילינג און זומער, פלעגן מיר הינטער דער שיל שפּילן אין „גראַפּע" מיט ניס אָדער מיט קנעפּלעך. דאָס ליידיקע פלאַץ הינטער דער שיל, וואָס האָט זיך געפונען נאָענט פון אונדזער שטוב, איז געווען דאָס פּאָפּולערסטע אָרט אויף צו שפּילן זיך, פאַר

אונדז קליינוואַרג. דאָ האָבן מיר זיך געפילט זיכער און היימיש, ווי ביי זיך אין שטוב.

אין דער ווייסער שיל פלעגן דאַוונען עמך־ייִדן. ייִדן קרעמערס, קליינע תבואה־סוחרים, טיטון־פּלאַנטאַטאָרס, ייִדן וואָס האָבן זיך פּאַרנו־מען מיט ערד־אַרבעט און אַנדערע האַרעפּאַשנע באַשעפטיקונגען און סתם ייִדן באַלעבאַטים וואָס זענען נישט געווען קיין גבירים און נישט קיין אַרעמעלייט. דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט דער אַזוי־גערופענער „מיטל־קלאַס" פונעם שטעטל און דערפאַר איז דאָ שטענדיק געווען היימישלעך און פריילעך. בעל־דרשנס, מגידים און שפּעטער ציוניסטישער רעדנערס וואָס זענען געקומען אין שטעטל אַריין, פלעגן על־פּי־רוב אויפטרעטן אין דער ווייסער שיל. ווען דער ראַשקעווער רבי פלעגט קומען, האָט ער גע־דאַוונט אין דער ווייסער שיל. אין דער ווייסער שיל פלעגן אויך אָפּגע־האַלטן ווערן די „אָבשטשע סאָבראַניעס" פון דער לייַ־ און שפּאָר־קאַסע וואָס דאָס שטעטל האָט געהאַט. נאָך דעם וואָס רומעניע האָט פאַרנומען בעסאַראַביע פלעגן דאָרט אָפּגעהאַלטן ווערן וואַל־פאַרזאַמלונגען ווו רעד־נערס, אַראָפּגעקומענע פון דער פרעמד, און היימישע פּאָליטיקער האָבן געפירט פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער אָדער יענער פּאַרטיי אָדער וואַל־ליסטע. אין 1922־23, ווען עס איז דורכן שטעטל געגאַנגען דער שטראָם פון ייִדישע פּליטים וואָס זענען געלאָפן פון די אוקראַיִנישע שחיטות, איז די ווייסע שיל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אכסניה פון הונדערטער ייִדן וואָס האָבן זיך נישט געהאַט וווהין אַהינצוטון. דאָס מקום־קדוש האָט דאַן ווי דורכ־געמאַכט דעם טראַגישן גורל פון די טויזנטער צעפּייניקטע ייִדישע פּליטים, וואָס זענען אין גרויס בהלה געלאָפן פון די פּאָגראָמען אין יענער זייט דניעסטר. נאָך דעם ווי די כוואַליע איז איבערגעגאַנגען האָט מען אין דער שיל געמוזט דורכפירן אַ גרינטלעכן רעמאָנט, אַז מען זאָל אין איר קאָנען אַרייַנקומען.

די צווייטע שיל לויט דער עלטער און פאַרנעם, איז געווען די „רויטע קלויז". אויך די שיל האָט זיך געפונען אין סאַמע מיטן שטאָט־מאַרק און גערופן האָט מען זי אַזוי, ווייל זי איז פון דרויסן געווען געפאַרבט מיט אַ טונקל ברוין־רויטלעכן קאָליר. אין דער דאָזיקער שיל האָבן על־פּי־רוב געדאַוונט די גבירים פונעם שטעטל און די משפחות וואָס האָבן זייער

יחוס געצויגן פון די ערשטע צייטן ווען דאָס שטעטל איז געגרינדעט געוואָרן. עס האָבן דאָרט געדאַוונט די צוקערמאַנס, די בערשטיינס, די פּליטמאַנס, די שטיצמאַנס און אַנדערע, וואָס זענען געווען פּאָסעסאָרס, אייגנטימערס פון גרויסע ערד־שטחים, „אודאַיעס", מילן און „מאָסלאָבאָינעס" (בוימל־פאַבריקן) און בכלל יידן וואָס האָבן פאַרמאָגט גרויסע שניט־קראָמען, באַקאַליינע קלייטן און אַנדערע גרויסע געשעפטן. איידער עס איז אויסגעבויט געוואָרן די שניידערשע שיל, האָט מיין פאָטער געהאַט אַ „שטאָט" אין דער „רויטער קלויז", איך ווייס נישט אין וואָס פאַר אַ זכות; ווייל מיין פאָטער איז גראָד ניט געווען קיין גביר. אויך די געביידע פון דער קלויז איז געווען אַ הויכע און געבויט אויפן שטייגער פון דער „ווייסער שיל", אָבער דער כאַראַקטער אירער איז שוין געווען אַ מער־געשלאָסענער. דאָ האָט געהערשט עפּעס אַזוינס ווי אַ „קאָסטע־רעזשים". די מערהייט מתפּללים זענען באַשטאַנען פון די מיטגלידער פון געציילטע עטלעכע משפחות, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַרן אויבערשטן פונעם שטייסל און זענען געווען די טאָן־געבער אין די קהלשע עסקים. שטענדיקער בעל־תפילה איז דאָ געווען בן־ציון מלמד, אַ ייד מיט אַ ברייט ראָזעווע פּנים מיט אַ לאַנגער באָרד מיט שפּיצן, וועלכער פלעגט מוראדיק שרייען ווען ער האָט געדאַוונט ביים עמוד. שמש איז געווען הערש בראַנעס, אַן אַלטער ייד מיט אַ צעאַקערט פּנים און אַ לאַנגער ווייסער באָרד, וואָס פלעגט אָנוואַרפן אַ שרעק אויף אונדז קליינוואַרג. די „רויטע קלויז" האָט אַרויסגערופן צו זיך דאָס וואָס מען רופט אָפּשיי, אָבער זי האָט נישט גענאָסן פון דער פּאָפּולאַריטעט וואָס די „ווייסע שיל". אין די וואָכן־טעג פלעגט דאָרט זיין אומהיימלעך אַריינצוגיין. נישט געווען דאָרט די וואַרעמע שטימונג ווי אין דער ווייסער שיל, ווו עמך האָט געלאָזט פרייגיין דאָס געמיט.

די דריטע שיל אין קאַטעגאָריע איז געווען די „דייטשע קלויז", וואָס האָט זיך געפונען הינטער דער „רויטער קלויז". עס איז אומבאַוווסט פאַרוואָס מען האָט זי אַזוי גערופן, אָבער גענומען האָט זיך מסתמא דערפון, וואָס דאָרט האָט געדאַוונט דער מער־אויפגעקלערטער עלעמענט פונעם שטעטל. דאָ האָבן זיך קאָנצענטרירט די מער מאָדערנערע סוחרים פונעם שטעטל, רייכע איידעמס, מיט מער־פאַרגעשריטענע אידעען, יונגעלייט משכילים און דער ציוניסטישער עלעמענט, אַלץ אַזעלכע וואָס האָבן שוין

נישט געקאָנט הויזן צוזאַמען מיט דעם פּשוטן עמך־עלעמענט פון דער „ווייסער שיל" אָדער מיט די שווערע, יוסטע באַלעבאַטים פון דער „רוי־טער קלויז". אין דער „דייטשער שיל" איז די גאַנצע הנהגה געווען אַ פרייערע און דאָ זענען מיינסטנס אויפגעטראָטן די מאָדערנערע ציוניס־טישע רעדנערס וואָס פלעגן קומען אין שטעטל אַריין. דאָ האָט מען שבת, בעת קריאת־התורה, שוין געפירט דיסקוסיעס פון „העבֿרן ניוואָ", אַזוי צו זאָגן. אַ סך פון די וואָס האָבן דאָרט געדאַוונט פלעגן באַקומען ייִדישע און העברעיִשע בלעטער און זענען געווען בקי אין פּאָליטיק. שמש איז דאָ אַ לעבן־לאַנג געווען לייזער באָדנער, אַ ייִד וואָס האָט צו דער מלאכה פון מאַכן דעמבענע פעסער, צוגעקנעלט מיט דער פּראָפעסיע.

די אויבנדערמאָנטע דריי שילן האָבן איך שוין געטראָפן פאַרטיקע, אַזוי צו זאָגן. די אַנדערע צוויי געדענק איך ווען מען האָט זיי אויסגעבויט. צום ערשט האָט מען אויסגעבויט די שניידערשע שיל, ווו מיין טאַטע איז געווען איינער פון די גרינדערס און יאָרנלאַנגער גבאי. ווען די שיל איז אויסגעבויט געוואָרן, האָט מיין טאַטע פאַרקויפט זיין „שטאָט" אין דער „רויטער קלויז" און געקויפט דריי „שטעט" אין דער שניידערשער שיל, — איינע פון זיי אין סאַמע מזרח, ביים אָרון־קודש. ווען די שניידערשע שיל איז אויסגעבויט געוואָרן, איז זי געוואָרן די שיל פון אַלע שטעטלשע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן פריִער געדאַוונט אין פאַרשידענע שילן. מיט דער צייט איז די שניידערשע שיל געוואָרן איינע פון די שענסטע און פּאָפּולערסטע שילן און אָפטמאָל האָבן דאָרט געדאַוונט באַקאַנטע חזנים פון דער פרעמד. אַ שטיק צייט איז דאָרט געווען בעל־מוסף בעני מלמד, איינער פון די בעסטע חזנים פונעם שטעטל, וואָס האָט געהאַט אַ לייבן־שטימע און אַ מענטש פון באַדייטנדיקן מוזיקאַלישן טאַלאַנט. ימים־נוראים פלעגט ער דאַווענען מיט אַ גוט כאָר און אַפילו אָנגעזעצן באַלעבאַטים פון אַנדערע שילן פלעגן אים קומען הערן. בעל־שחרית איז יאָרנלאַנג געווען יאַנקל מלמד, אַ ייִד וואָס האָט געדאַוונט מיט אַ גראָבן באַס און מיט אַ האַרציק־טרויעריקן נוסח. אַ סך יאָרן איז אין דער שניידערשער שיל געווען בעל־מוסף הערש קאַבאַנטשיק, אַ ייִד מיט אַ שטאַרקער שטימע און אַ גוטער בעל־תפילה.

אין דער שניידערשער שיל איז די שטימונג שטענדיק געווען אַ

היימישלעכער און פֿאָלקסטימלעכע. אויב עס זענען דאָרט געווען אַזעלכע בעל־מלאכות וואָס האָבן ליב געהאַט פּרייצולאָזן אָפּטמאָל די צונג און אַפּילו די הענט, האָבן זיי אָבער געהאַט אָפּשיי פֿאַר די עלטערע באַלעבאַ־טים און זיך אויפֿגעפֿירט סטאַטעטשנע. שמחת־תורה צו די הקפות איז אין דער שניידערשער שיל געווען אַן אמתער פֿאָלקס־יום־טוב, ווו מען פֿלעגט טאַנצן מיט דער תורה בפועל ממש. משה קאָוואַל, אַ ייִד וואָס האָט ליב געהאַט צו מאַכן אַ כּוסה און זיך געהאַלטן פֿאַר אַ שטיקל בעל־מנגן, האָט געהאַט די אייביקע קאָנצעסיע אויף צו זאָגן „אתה הראת“. חברה יונג־וואַרג פֿלעגן אים באַגלייטן אין כאָר און עס איז געווען לעבעדיק און פֿריילעך.

די פּינפּטע שיל, „דאָס שטומע“ קלייזל, איז אויסגעבויט געוואָרן שוין נאָך דעם וואָס בעסאַראַביע איז איבערגעגאַנגען צו רומעניע. דאָ האָט זיך קאָנצענטרירט איבערהויפּט דער עלעמענט פֿון מלחמה־גבירים און ייִדן וואָס האָבן געטריבן קאָנטראַבאַנד איבערן דניעסטער, ווען דער טייך האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין דער גרעניץ צווישן רומעניע און סאָוועטן־רוס־לאַנד. דאָס זענען געווען מענטשן וואָס זענען אין אַ קורצער צייט רייך געוואָרן און צוזאַמען מיט זייער עשירות איז אויך געשטיגן זייער אַפּעטיט נאָך כּבֿוד. אין די אַנדערע שילן ווו זיי האָבן פֿריִער געדאַוונט, האָבן זיי נישט געקאָנט שפּילן די ראָלע וואָס זיי האָט זיך געגלוסט, ווייל דאָרט האָט געהערשט אַלטע טראַדיציע און געשפּילט די „גרעבדע“ האָבן דאָרט אַלטע באַלעבאַטים מיט יחוס־בריות. קיין געלט האָט זיי נישט געפֿעלט, האָבן זיי איינס און צוויי אויפֿגעבויט אַ נייע שיל און דאָרט געשפּילט די די ערשטע פֿידל. דאָ האָט געהערשט די האָפֿערדיקע שטימונג פֿונעם אויפֿגעקומענעם גביר און מיט דער צייט האָט דאָס „שטומע קלייזל“ אָנגעהויבן צו געבן דעם טאָן אין די קהלשע עסקים. צווישן די באַלע־באַטים האָבן זיך אויך געפֿונען אַ סך וואָס זענען געווען גאַנצע שמעלקעס מיט נאַטשאַלסטוואָ און זיי זענען געוואָרן די גאַנצע דעה־זאָגער איז שטעטל. דער באַרימטער חזן לייבעלע גלאַנץ, וועלכער האָט אין די ערש־טע צוואַנציקער יאָרן געוווינט ביי אונדז אין שטעטל, האָט דעבוטירט אין דעם „שטומען קלייזל“, אַלס אַ גאָר יונג בחורל. פֿון צייט צו צייט פֿלעגן

דאָרט דאַוונען גוטע חזנים פון דער פרעמד און דאָס „שטומע קלייזל" איז בכלל געוואָרן דער מקום וועד פון דעם יונגערן עלעמענט.

פינף שילן האָט דאָס שטעטל געהאַט. וואָס איז פון זיי געוואָרן? די וואַנדאַלן, וואָס האָבן חרוב געמאַכט דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע, האָבן אויך פאַרניכטעט דאָס פשוטע, פאָלקסטימלעכע יידישע לעבן פון בעסאַראַביע. די יידישע שיל, אין וועלכער עס האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע יידישע לעבן פונעם שטעטל, איז די ערשטע געגאַנגען אויפן פייער, ווען די בעסטיעס האָבן זיך צעבושעוועט. לויט גביית־עדות פון געראַטעוועטע יידן, האָבן זיי די יידישע שיל נישט נאָר פאַרניכטעט, נאָר זיי האָבן זי אויך געשענדעט, דאָרט ווו זיי האָבן געפונען פאַר נייטיק אויף צו באַפרידיקן זייערע חיהשע אינסטינקטן. מען האָט זיי פאַרוואַנדלט אין שטאַלן, אין לאַגערן און אין קאַזאַרמעס און ווען מען האָט זיי שוין נישט געדאַרפט, האָט מען זיי צעשטערט. די יידישע שיל האָט מיטגעמאַכט דעם גורל פון די וואָס האָבן זי אויפגעבויט און זי פאַרוואַנדלט אין דעם צענטער פון זייער אייגנאַרטיקן, גייסטיקן און צירורדיקן לעבן. די יידישע שיל איז שטענדיק געווען דער לעבעדיקער סימבאָל פון דעם שטאַרקן יידישן ווילן צו גייסטיקער אומאָפּהענגיקייט, פון דעם דראַנג אויסצולעבן זיך אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן און דינען דעם אייגענעם גאָט פריי, אומגעשטערט. צוזאַמען מיט דעם יידן איז אויך געפאַלן די דאָזיקע פעסטונג פון דעם טויזנטיעריקן יידישן קאַמף פאַר אַן אייגענעם לעבן. די וואַנדאַלן האָבן עס גוט געוווסט און דערפאַר האָבן זיי דעם צאָרן זייערן אויסגעלאָזט צו דער יידישער שיל. די נישט־יידישע וועלט וואָס באַרימט זיך שטענדיק מיט איר פיעטעט פאַר אַלטערטימלעכע הערטן און איז זיך ממש מקריב אויף אויסצוגראָבן אַ צעבראָכענע וואַזע פון פאַרצייטן, ווייסט נישט אַז מיט דער צעשטערונג פון די יידישע שילן אין מזרח־אייראָפּע, איז פאַרניכטעט געוואָרן אַ וועלט פון האַרציקן גלויבן, פון קולטור און פון עכטן לעבנסשטייגער, פאַר וועלכן זי וועט קיינמאָל נישט קאָנען באַצאָלן, מיט קיין שום פאַרמעגן.

אויך די פינף שילן פון אונדזער שטעטל געפינען זיך אין דעם פאַנטעאָן פון די דאָזיקע צעשטערטע הייליקייטן.

# יאַרידים

דער יאַריד וואָס פלעגט זיך שטעלן אין שטעטל אַלע דינסטיק, איז געווען אַ קוואַל פון פרנסה, נישט נאָר פאַר די אָרטיקע יידישע תושבים און יידישע סוחרים וואָס פלעגן קומען פון דער פרעמד, נאָר אויך אַ טאָג פון מסחר פאַר די טויזנטער פויערים וואָס זענען זיך צונויפגעפאָרן פון דער גאַנצער סביבה אָפּצוזעצן זייערע פּראָדוקטן און הויז־אויסאַרבעטונ־גען און איינקויפן דאָס נייטיקע פאַר דער באַלעבאַטישקייט און פאַר דער פאַמיליע. דאָס שטעטל האָט זיך געפונען ביים ברעג פונעם דניעסטר און סביבה האָט געמיינט נישט נאָר די צענדליקער דערפער וואָס האָבן זיך געפונען אויפן רעכטן בעסאַראַבער ברעג, נאָר אויך יענע וואָס האָבן זיך געפונען אויפן פּאָדאָליער ברעג. אין דעם זין, איז דאָס שטעטל געווען דאָס וואָס מיר רופן היינט אַ קאָמערציעלער צענטער פון אַ גרויסער פּע־ריפעריע און די יאַרידים פלעגן צוציִען סוחרים פון צענדליקער וויאָרסט אַרום.

טעג פון פדיון זענען אויך געווען די מאַרק־טעג פון זונטיק און גוישע חגאות, אָבער דער עיקר זענען געווען די דינסטיקס. די דאָזיקע מאַרק־טעג האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אייגנאַרטיקער פאַרביקייט און טומל; אָבער די יאַרידים פון דינסטיק זענען געווען דער אמתער אויסדרוק פון פאָלקסטימלעכן האַנדל, אַזוי ווי ער איז פאָרגעקומען אין יענע מקומות זינט יאָרהונדערטער. סיי דער ייִד און סיי דער גוי האָבן אויף די דאָזיקע יאַרידים געהאַנדלט פריי און אָן פאַרמיטלער און דאָס געלט מיט וועלכן מען האָט געצאָלט האָט זיך קוים אָנגעזען אין אָט דעם פּרימיטיוון אופן פון אויסטוישן אַרבעט אויף אַרבעט. דאָס געלט איז גיי־

כער געווען אַ מין מאָס אָדער אַ וואָג אויף אָפּצושאַצן דעם ווערט פון דעם פאַרקויפטן פּראָדוקט אָדער פון דער סחורה, איידער אַ ציל פאַר זיך. אין אָט די טומלדיקע טעג פון פאָלקס־מסחר, ווען טויזנטער פּויערים, מאָלדאַוואַנעס, אוקראַאינער, רוסישע קאַצאַפּעס, ייִדישע סוחרים און בעל־מלאכות, גויעס און שיקסעס מיט זייערע פאַרביקע קליידער און טיכלעך אויף די קעפּ און ייִדישע ווייבער, געניטע הענדלערקעס און סתם אויס־טערלישע טיפּן פון ציגיינערס און אַלערליי בעטלערס, פלעגן זיך אויס־מישן אין אַ מוראדיקן געדראַנג צווישן פורן מיט אויסגעשפּאַנטע פערד און אָקסן, אַרום וועלכע עס איז געווען אויסגעלייגט פון הערן און זען, אַלערליי דאָרפישע פּראָדוקטן, עופות מיט געבונדענע פיסלעך, שטייגן מיט גענדז, וואָס האָבן געגראַגערט, אינדיקעס וואָס האָבן געהאַלדערט, זעק מיט ווייץ, גערשטן, האָבער און פאַפּשויעס, אַלערליי פרוכטן און גרינוואַרג, פעלעכלעך פון אָפּגעשוונדענע האָזן, חזיר־האָר און פאַרשידענע דאָרפישע אויסאַרבעטונגען, ווי געפלאָכטענע קיישלעך, פאַרביקע קילע־מעס און ווערעטעס און גראָבע לייוונט, געשפּינט און געוועבט מיט דער האַנט, אויף וועלכן די מאָלדאַוואַנישע פרוי איז געווען אַ גרויסע מייסטערן.

דער יאַריד פלעגט זיך שטעלן אויף דער ברייטער גאַס, וואָס האָט דורכגעשניטן דאָס גאַנצע שטעטל, און צייטנווייז האָט ער נאָך געמוזט פאַרנעמען אַ שטיק פון דער „טאָלעקע" וואָס האָט זיך געצויגן צווישן דעם שטעטל און דעם בית־עולם. דאָס פלעגט מייסטנס פּאַסירן אין אָסיען, ווען די פּויערים האָבן געבראַכט די שפע פון די אַראָפּגענומענע פעלדער. דער אָרעמסטער פון די מאָלדאַוואַנעס, האָט דאָסמאָל געהאַט עפּעס וואָס איז איבערגעבליבן פון דעם וואָס ער האָט געלאָזט פאַר דער אייגענער באַלעבאַטישקייט אויפן ווינטער, פלעגט ער עס ברענגען צום פאַרקויפן. אין אָסיען זענען די יאַרידים אויך געווען גרעסער און טומלדיקער, ווייל דאָס איז געווען די סעזאָן־צייט ווען די פּויערים פלעגן זיך פאַרגרייטן מיט אַלעם נייטיקן אויפן אָנקומענדיקן ווינטער. דאָס איז געווען די צייט ווען ייִדישע קירזשנערס פלעגן לייזן פאַר פעלצן און קוטשמעס, ייִדישע שוס־טערס, פאַר פאַרטיקע שטיוול און ייִדישע שניידערס זענען געווען פאַר־לייגט מיט אַרבעט. אויך דער האַנדל מיט פערד איז אין דער צייט פונעם

יאָר געווען אַ סך גרעסער ווי זומער, ווען דער פויער האָט די בהמה געדאַרפט צו דער אַרבעט אין פעלד.

דער האַנדל אויף די יאַרידים איז געווען אַ טומלדיקער און האָט געהאַט זיינע פעסטגעשטעלטע מעטאָדן און אַפילו תנועות. דאָס דינגען זיך איז געווען אַן אָנגענומענער מנהג ביי אַלעמען אָן אויסנאַם. קיינער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט פאָרשטעלן דאָס קויפן אָדער פאַרקויפן עפּעס און זיך נישט דינגען. און דינגען זיך פלעגט מען נישט סתם מיטן מויל, נאָר מיט די הענט. דער פאַרקויפער פלעגט זאָגן אַ פרייז, וואָס איז, פאַר־שטייט זיך געווען אַ סך העכער ווי ער האָט גערעכנט צו באַקומען פאַר דער סחורה. דער קונה האָט, פאַרשטייט זיך, אָנגעכאַפּט זיך ביים קאָפּ פונעם פרייז און געמאַכט אַ באַוועגונג ווי ער גייט אַוועק און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס דינגעניש. דער פאַרקויפער פלעגט אים דאַן אָנכאַפּן ביים אָרעם, אַ פּאַטש־טון איבער דער דלאָניע פון דער רעכטער האַנט און באַלד אַראָפּגעלאָזט עפּעס פונעם מקח. דאָס איז געווען דער ערשטער סיגנאַל פאַר דער דינגעניש. דער קונה פלעגט אים דאַן צוריק אַ פּאַטש טון אין דער האַנט און זאָגן וואָס ער איז גרייט צו געבן. יענער האָט אים תיכף צוריק אַ פּאַטש־געטון אין דער האַנט און האָט נאָך עפּעס אַראָפּ־געלאָזט. דער פויער האָט צוריקגעפּאַטשט און נאָך עפּעס מוסיף געווען אויפן פרייז. אַזוי פלעגט דאָס פּאַטשן זיך אין די הענט געדויערן אַ היבשע ווײַלע, ביז מען האָט זיך אויסגעגליכט מיטן פרייז און דאָס געשעפט פלעגט געשלאָסן ווערן. גאַנץ אָפט פלעגט דאָס געשלאָסענע געשעפט „באַנעצט" ווערן מיט אַ „סאָראָקאָווקע", אַ טרינק בראָנפן, הייסט עס, וואָס דער קונה פלעגט על־פי־רוב געבן. דאָס פלעגט איבערהויפּט פּאַסירן, ווען די פאַרקויפטע זאַך איז געווען פון גרעסערן ווערט, אַ פערד, אַ בהמה אָדער אַ וואָגן.

אַ בעסעראַבער פויער האָט קיינמאָל נישט געקויפט קיין זאַך, אַז ער זאָל זיך נישט דינגען, אַפילו ווען ער האָט געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי צום פאַרקויפער. דאָס דינגען זיך ביים קויפן איז געווען נישט נאָר אַ מיטל אויף אַראָפּצודינגען פונעם פרייז, נאָר אַ מין ציל פאַר זיך. עס איז געווען אַ מין טראַדיציאָנעלע צערעמאָניע ביים האַנדלען, אָן וועלכער דער מסחר האָט קיין שום טעם נישט געהאַט. די אור־סיבה פון דעם דאָזיקן

מנהג דאַרף מען מסתמא זוכן אין דעם וואָס בעסאַראַביע האָט זיך אַמאָל געפונען אונטער דער טערקישער ממשלה, וועלכע האָט אויפן גאַנצן באַלקאַן און דרום־רוסלאַנד געלאָזט איר השפעה אויפן פאָלקס־לעבן.

זומער צייט, האָבן די יאַרידים זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין אויסערגעוויינלעכע זאַכן און זיי פלעגן אויך זיין שיטערלעך. דאָך האָבן די זומערדיקע יאַרידים געהאַט זייער טיפּיש־בעסאַראַבישן אויסזען, צוליב דער גרויסער שפע פון פרוכטן און גרינסן פון דעם דאָזיקן גאָט־געבענטשטן לאַנד. אַנהייבנדיק פונעם פריִען פרילינג, פלעגן די פויערים ברענגען אויפן יאַריד אַ שלל ממש מיט גרינסן און פרוכטן. דער ברייטער מאַרק פונעם שטעטל פלעגט אין אַזעלכע יאַריד־טעג ממש פאַרפלייצט ווערן מיט גרינע ציבעלעס און קנאָבל און „פּראַזש". רויטע און בלויע פּאַטלאַזשאַנעס (טאָמאַטעס און בערענגענאָס) נייע רעטעכלעך און בורי־קעס, טשאַווי און אַנדערע גרינסן צום קאָכן. שפּעטער פלעגן אַרויסקומען די באַרימטע בעסאַראַבער אוגערקעס, אַרבוזעס און דיניעס, וואָס פלעגן פאַרקויפט ווערן בזול־הזול. פאַר אַ קופּערנעם צווייער איז אַפילו פאַר אַ קאָפּיקע האָט מען געקויפט אַן אַרבוז אָדער אַ דיניע.

וואָס שייך פרוכטן, זענען די זומערדיקע יאַרידים באמת געווען אַן אויסדרוק פון דער בעסאַראַבער שפע אין דעם זין. פרילינג פלעגט זיך עס אָנהייבן מיט ווײַנשל און קאַרשן, וואָס וואַקסן לרוב אין בעסאַראַביע. אין דער זעלבער צייט פלעגן אַרויסקומען אַגרעסן און שפּעטער צו „דרען", אַזאַ טערפּקע לענגלעכע יאַגעדע, פון וועלכער מען פלעגט פּרעגלען אייַנגעמאַכטס, וואָס האָט געהאַט אַ ווונדערבאַרן טעם. אַלערליי באַרלעך און עפּל. פלוימען פון אַלערליי מינים, אָנהייבנדיק פון פּשוטע קליינע פליימלעך ביז צו גרויסע „אינגערשע" (אונגערשע) פלוימען, פון וועלכע דאָס קערל פלעגט אַרויספאַלן ביים ערשטן קוועטש. שפּעטער צו, אין חודש אָב, מער־וויניקער, פלעגן זיך באַווייזן די ערשטע ווייַנטרויבן. צום ערשטן פלעגט מען זיי ברענגען אין קוישן און דערנאָך אין גאַנצע פורן. בכלל, האָט מען אין בעסאַראַביע קיינמאָל נישט געקויפט קיין פרוכטן אויף דער וואָג, נאָר אויף דער מאָס. ווייַנשל און פלוימען פלעגט מען קויפן אויפן עמער. עפּל און באַרן אויפן זאַק. אַרבוזעס און דיניעס האָט מען געקויפט טוצנווייז און ווייַנטרויבן האָט מען געקויפט אויפן פוד.

שפּעט־זומער און אָסיען, פלעגן די יאַרידים פאַרשטעלן מיט זיך אַן אמת פאַנטאַסטיש בילד פון רייפער שפע. גאַנצע בערג מיט קרויט, קאַבאַ־קעס, אַרבוזעס און אַנדערע שפּעט־זומערדיקע פּראָדוקטן ווי צייטיקע ציבעלעס, קאַרטאָפליעס, קנאָבל, רעטעכער, בוראַקעס, פלעגן פשוט פאַר־פלייצן דעם מאַרק פונעם שטעטל. עס האָט אויסגעזען אַז קיינמאָל וועט מען נישט באַוויזן די דאָזיקע בערג פּרוכטן און גרינסן צו פאַרקויפן, אָבער פאַרנאַכט־צו, פלעגט פון דעם קיינמאָל גאָרנישט בלייבן. יעדן פונעם שטעטל פלעגן דאָס אַלץ אויסקויפן און זיך פאַרגרייטן אויפן ווינטער. גוייִם דאַקעגן, האָבן פאַר דעם אָפּגעלייזטן געלט איינגעקויפט אין די קליייטן אַלץ וואָס זיי האָבן געדאַרפט פאַר דער באַלעבאַטישקייט און פאַר דער פאַמיליע.

באַזונדערס פאַרביק זענען געווען די יאַרידים ווינטער־צייט. דער ווינטער סעזאָן איז געווען די צייט פון דעם גרעסערן האַנדל. דער מאַרק פונעם שטעטל פלעגט דעמאָלט פאַרפולט ווערן מיט פערד, קי, שאָף און חזירים און דער טומל פלעגט זיין אין לשער. פון קיין גרינס איז ווינטער־צייט נישט געווען קיין סימן, דערפאַר אָבער פלעגן זיך אויסשטעלן די „חזירניקעס", מיט זייערע שטעלן פון גערויכערטן חזיר־פליייש, קאָלבאַסן און חזיר־שמאַלץ. אויף די דאָזיקע שטעלן האָבן ווינטער זיך געפּרעגלט אין פאַנען חזירישע שמאַלצן, פאַרשפּרייטנדיק זייער טריפענעם ריח איבערן גאַנצן מאַרק. אַרום די דאָזיקע שטעלן פלעגט עס ווימלען און שווימלען מיט פּויערים, אָבער יעדן פלעגן פון דאָרט וויכן ווי פון אַן עיפּויש. אויף אַנדערע שטעלן פלעגן די פּויערים אויסלייגן אַלערליי היימיש־געמאַכטע טיפּישע בעסאַראַבער קעזן, איבערהויפּט פון שאָף, און צווישן זיי די באַרימטע בעסאַראַבער „ברינדזע", שאָפענער קעז וואָס איז שטאַרק געזאַלצן, וועלכן די מאַלדאַוואַנעס, און אויך יעדן, האָבן געגעסן מיט מאַמעליגע. די ברינדזע פלעגן זיי ברענגען אין פעסלעך און זי פאַר־קויפן אויף דער וואָג. זיי פלעגן אויך פאַרקויפן קעזן וואָס הייסן אויף מאַלדאַוואַניש „אורדע" און „קאַש", אויך געמאַכט פון שאָפענער מילך.

אויף די ווינטער־יאַרידים האָבן געשפּילט די גרעסטע די יידישע קירזשנערס, וואָס פלעגן זיך צונויפפאָרן פון דער גאַנצער סביבה. זייערע שטעלן מיט ווייסע פעלצן און קוטשמעס, פלעגן באַלאַגערט ווערן פון

פּויערים וואָס האָבן אויב נישט געקויפט, כאָטש אָנגעמאָסטן. דאָ, פלעגט דער מסחר און די דינגעניש אָנגיין מיט דער טראַדיציאָנעלער האַנט־פּאַטשעריי, נישט ווייניקער ווי אויפן מאַרק פון פערד און חזירים. די יידישע קירזשנערס זענען געווען טיפּישע יאַריד־פּאָרערס און זיי האָבן זיך אויסגעטויגט צום מסחר. איז אַ פּויער אַריינגעפאַלן צו זיי אין די הענט אַריין האָט ער זיך שוין נישט אויסגעדרייט מיט ליידיקן.

וועלוול קירזשנער פון אונדזער שטעטל, צום ביישפּיל, איז אין פרייוואַט לעבן געווען דאָס וואָס מען רופט אַ „זיידענער מענטש"; ווען עס פלעגט אָבער קומען צו מסחר אויף די יאַרידים, איבערהויפּט אין דער ווינטערדיקער סעזאָן־צייט, האָט עס פון אים געברויזט מיט טעמפּעראַמענט און איינפאַל. אַזעלכע ווי ער, זענען געווען אין די צענדליקער. אַזעלכע זענען אויך געווען די שוסטערס, וואָס פלעגן פאַרקויפן פאַרטיקע שטיוול און שטיוועלעך פאַר די פּויערטעס, מיט קנעפּעלעך ביי דער זייט; פּוישטן, נאַקעטע און אונטערגענייטע מיט לעדער. קיין פאַרטיקע מלבושים האָט מען ביי אונדז אויפן יאַריד נישט פאַרקויפט; די שטעטלשע שניידערס פלעגן אָפּוואַרטן אויף די פּויערים אין די שניט־קראָמען, ווו זיי האָבן איינגעקויפט דאָס געוואַנד און שלעפּן די „מעשטשעריעס" (קונים) אַהיים.

באַזונדערס לעבעדיק איז געווען דער האַנדל אויפן פערד־מאַרק. דאָ האָבן יידישע ליוועראַנטן, אָנגעטאָן אין גראָבע פוטערנע פּידזשאַקעס אָדער אין בורקעס, בודק געווען פערהד, קוקנדיק זיי אין די ציין אַריין, אָדער פאַרהייבנדיק דעם עק. אויב אַזאַ ליוועראַנט איז נישט געבליבן צופרידן מיט די אָנגענומענע סימנים, האָט ער זיך נישט געפוילט אויפצוזעצן זיך רייטנדיק און אויספּרוּוון דאָס פערד, בפּועל ממש, אין אַ שנעלן גאַלאָפּ. נאָך די אַלע אויספּרוּוועכצן, פלעגט זיך אָנהייבן די צערעמאָניע פון דינגען זיך דורכן פּאַטשן זיך קעגנזייטיק אין די הענט. דער משא־ומתן פלעגט כמעט שטענדיק זיך פאַרענדיקן מיט אויסטרינקען לכבוד דעם געשלאָסענעם מסחר.

קינדוויז, פלעג איך ליב האָבן אַרויסצוכאַפּן זיך אין מאַרק אַריין און זיך צוקוקן צו די טשיקאַוועסטן פונעם יאַריד. על־פּי־רוב האָב איך ליב געהאַט צו שטיין לעבן די גאַלאַנטעריי־שטעלן פון די רוסישע קאַצאַפּעס,

וואָס פלעגן זיך צעלייגן ברייטלעך מיט זייערע שאַלאַשן אין סאַמע מיטן מאַרק, דאָס זענען געווען מיינסטנס גרויסרוסן מיט ברייטע פנימער, לאַנגע בערד און לאַנגע אונטערגעשוירענע „מוזשיטשקעס". איידער זיי פלעגן צעלייגן דאָס רומל, האָבן זיי אויפגעשטעלט סאַמאָוואַרן און ברייטלעך איבערגעביסן, טרינקענדיק טיי מיט „פּראָקוסקא". זיי זענען געווען געשיקטע סוחרים און סרוב־מאָל פלעגן לעבן זייערע שטעלן פאַרקומען געשלעגן, ווען אַ פּויער האָט עפּעס אָוועקגעשלעפּט פון די אויסגעלייגטע סחורות.

די אָסיענדיקע און ווינטערדיקע יאַרידים פונעם שטעטל זענען געווען כעג פון פדיון אין די יידישע קלייטן, וואָס האָבן זיך געפונען לענגאויסביידע זייטן פון דער ברייטער הויפּט־גאַס, ווו דער יאַריד פלעגן זיך שטעלן. פונקט ווי יידן האָבן איינגעקויפט פון אַלעם גוטן ביי די פּויערים, זיך פאַרגרייט מיט עסנוואַרג, אַזוי האָבן די פּויערים געגעבן צו לייזן אין די קראָמען, איינקויפנדיק פאַר דער באַלעבאַטישקייט און פאַר דער פאַמיליע. רעדוצירט צום שטעטל און דער סביבה, איז דאָס געווען אַ האַנדלס אויסטויש, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט נישט נאָר מיט זיין אָפנקייט און אָרנטלעכקייט, נאָר אויך מיט זיין פאַרביקייט און אייגנטימלעכן חן. דער יאַריד איז געווען עפּעס מער ווי סתם אַ טאָג פון האַנדלען; עס איז געווען אַ מין יום־טוב, ווען דער מענטש האָט מיט אַ נאַטירלעכער פרייד אויסגעטוישט זיין פּראַצע אויף עפּעס אין וועלכן ער האָט זיך גענייטיקט און האָט עס באַקומען. דער גוי האָט געפילט די דאָזיקע פרייד אויף זיין אופן און דער ייד אויף זיינעם. דער מסחר איז אָנגעגאַנגען אויף אַ פריינטלעכן אופן און די דאָזיקע פריינטלעכקייט פלעגט קומען צום אויסדרוק, קודם־כל, דורכן דינגען זיך מיט קעגנזייטיקן פּאַטשן זיך אין די הענט און דערנאָך דורך אויסטרינקען און פאַרבייסן. דער ייד פלעגט פאַרבייסן מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט און דער גוי מיט אַ שטיקל ברויט און קאָלבאַס. עס וואָלט אים קיינמאָל נישט איינגעפאַלן מכבד צו זיין דעם יידן מיט זיין קאָלבאַס, ווייל ער האָט געוווסט, אַז דער ייד טאָר דאָס נישט עסן. ער האָט רעספּעקטירט זיינע רעליגיעזע געפילן.

צי איז דען נייטיק דאָ אונטערצושטרייכן אַז דער יאַריד איז געווען אַ קוואַל פון פרנסה פאַרן שטעטל? דער שניט־קרעמער, דער שוסטער,

דער שניידער און דער סטאָליאַר, האָבן געוואַרט אויפן דינסטיק, וואָס איז געווען דער טאָג פון לייזונג, פון פּרנסה, פּונקט ווי דער שבת האָט אָנגעצייכנט דעם טאָג פון רו און נשמה יתירה. די מאַרק־טעג פון זונטיק אין חגא־טעג זענען אויך געווען טעג פון פּדיון, אָבער צום יאַריד־טאָג זענען זיי נישט געקומען.

זינט בעסאַראַביע איז אָקופּירט געוואָרן פון רומעניע, האָבן אויך די יאַרידים אָנגעווירן זייער פריַערדיקן גלאַנץ. איבערהויפּט האָבן זיי אָנ־געווירן זייער פּאַרביקייט, ווייל עס האָט געפעלט דער רוסישער קאַצאַפּ און דער אוקראַינער, וואָס פלעגט קומען פון יענער זייט דניעסטער און מיטברענגען מיט זיך דעם טיפּישן רוסישן נוסח. זינט דער דניעסטער איז געוואָרן אַ גרעניץ, איז דאָס שטעטל אָפּגעריסן געוואָרן פון דעם ברייטן פּאָדאָליער הינטערלאַנד און פונעם רומענישן צענטער איז געווען ווייט. דער יאַריד האָט דאַן באַקומען אַ מער לאָקאַלן, קליינשטעטלדיקן כאַראַק־טער. ייִדן וואָס האָבן געדענקט דעם גלאַנץ און דעם פּאַרנעם פון די אַמאָליקע יאַרידים פלעגן אונטערקרעכצן, באַדויערן דעם אַמאָל.

איצט געהער שוין אַלץ צו דער פאַרגאַנגענהייט. דער „נעסטער" גייט זיך זיין אייביקן גאַנג צום שוואַרצן ים. די בעסאַראַבער פעלדער בליִען ווי אין די אַלטע גוטע צייטן. די לאַנדשאַפט איז געבליבן די זעלבע. זיי איינציקע וואָס פעלן זענען די ייִדן. און ווער קאָן זיך דען פאַרשטעלן אַ יאַריד אין שטעטל אָן ייִדן?

# גבירים

געווען זענען אין שטעטל צווייערליי גבירים: אַלטע, איינגעזעסענע, וואָס האָבן זייער גבירישן יחוס־בריוו געצויגן פון אַ סך יאָרן צוריק; און נייע גבירים, אויפגעקומענע אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אָדער וואָס זענען נתעשר געוואָרן נאָך דער מלחמה, ווען בעסאַראַביע איז אַריבער צו רומעניע און דער דניעסטר איז געוואָרן אַ גרעניץ. די נייע, נאָכמלחמה־גבירים, זענען אין זייער גרעסטן טייל געווען קאָנטראַבאַנדיסטן, וואָס האָבן געטריבן שמוגל איבערן „נעסטר" און אין אַ קורצער צייט געמאַכט גרויסע פאַרמעגנס. דאָס זענען געווען טראַציקע, האָפערדיקע גבירים, וואָס האָבן זיך אויפגעבויט גרויסע דירות פון געטעסעטע שטיינער און רויטע ציגל, געדעקט מיט בלעכענע דעכער, זיך אָנגעטאָן מיט טייערע טכוירענע טולופעס און זייערע ווייבער האָבן געטראָגן רייכע שובעס, זיך באַהאָנגען מיט מאַסיווע גאָלדענע קייטן אויף די אויסגעפּאַשעטע העלדזער און די הענט באַלייגט מיט גראָבע בראַסלעטן און טייערע פינגערלעך.

אויף די דאָזיקע נייע גבירים האָט דאָס שטעטל געקוקט מיט אַ געוויסער קנאה, ווי מען קוקט אויף איינעם וואָס מאַכט דאָס גרויסע געווינס אין דער לאָטעריע, אָבער רעספּעקטירט האָט מען זיי נישט. פאַר אייניקע פון זיי, וואָס זענען געווען גאַנצע שמעלקעס מיט נאַטשאַלסטווא, צוליב זייערע לינקע עסקים, האָט מען אַפילו מורא געהאַט, אָבער קיין אינערלעכן דרך־ארץ, וואָס קומט פון פאַרערונג, האָט מען פאַר זיי נישט געהאַט. דאָס זענען געווען אויפגעקומענע גבירים, וואָס האָבן, בכדי צו שפּילן די גרענדע אַלס יוסטע שטאָט־באַלעבאַטים, זיך אויפגעבויט אַן

אייגענע שיל — דאָס „שטומע קלייזל״, האָט מען עס גערופן — ווו זיי האָבן זיך איינגעטיילט מיט „פעטע״ עליות און מיט שיינע „שטעט״ אין דער סאַמע מזרח־וואַנט. דאָס זענען געווען גבירים אָן גבירישער טראַדי־ציע, מיט אַן אומגעצוימטן חשק צו תקיפות און אויסשטעלעריי. נישט וועגן די דאָזיקע גבירים ווילן מיר דערציילן.

דאָס שטעטל האָט געהאַט עטלעכע געציילטע גבירים וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ צווייג, דריי פאַרצווייגטע משפחות, וואָס האָבן אָפּגע־שטאַמט פון די ערשטע איינוווינער פון דעם ישוב. דאָס זענען געווען די צוקערמאַנס, די בערשטיינס און די פּליטמאַנס. ווען איך האָב געקענט די ראשי־המשפחה פון די דאָזיקע פאַמיליעס, זענען זיי אַלע געווען אַלטע ייִדן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי די שטאַרקע דעמבעס, פאַרוואָרצלטע אין דעם פעטן בעסאַראַבער באָדן. יעדער איינער פון די דאָזיקע ייִדן האָט געהאַט אַ גרויסע שטוב מיט אַ ריזיקן הויף. די דאָזיקע הייף האָבן אויס־געזען ווי באַזונדערע ישובים, עפּעס אַזעלכע מאַיאַנטקעס, אין וועלכע עס האָט געווימלט און געשוויבלט מיט רייכע איידעמס און צעפּיעשטעשטע שנירן, מיט קינדער, דינסטן, באַדינערס, שטאַלן מיט פערד און בריטש־קעס. דאָס זענען געווען די איינציקע הייף פונעם שטעטל וואָס זענען גע־ווען אויסגעברוקירט מיט גרויסע שטיינער און די ווינונגען וואָס האָבן זיך געצויגן אין קוואַדראַט אַרום דעם הויף, האָבן אַלע פאַרמאָגט גרויסע גאַניקעס מיט געצאַצקעטע שניצערייען ביי די ראַנדן. עס האָט פון זיי געווייעט מיט גבירישער טראַדיציע, אָבער נישט קיין טראַדיציע מיט אַ צושמעלץ פון לומדות, ווי עס פלעגט פּאַסירן אין פּוילן אָדער אין גאַ־ליציע, נאָר אַ ספּעציפישע בעסאַראַבער גבירישע טראַדיציע, וואָס האָט געהאַט דעם גערוך פון פעלד, פון דאָרפישער איינגעזעסנקייט, דעם גערוך פון די ייִדן וואָס עס באַשרייבט מרדכי ספּעקטאָר אין זיינע דערציילונגען, ייִדן גבירים, אָבער האָרעפּאַשניקעס, ייִדן וואָס האָבן נישט אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט דאָס האָבן עולם־הבא „איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר״, אָבער וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט אויך פון זייער חלק עולם־הזה.

פּרויקע צוקערמאַן איז שוין געווען אַן אַלטער ייִד ווען איך האָב אים געקענט. מען האָט אים געהאַלטן פאַרן גרעסטן גביר, הגם עס זענען

געווען אַזעלכע וואָס האָבן געזאָגט אַז העניך בערשטיין איז רייכער פון אים. ער האָט געהאַט אפשר צען קינדער, אַלע שוין חתונה געהאַטע, און אַלע האָבן זיי געוווינט אין די הייזער פון זיין ריזיקן הויף. בלויז דער עלטערער זון זיינער, ישראל פרויקעס, ווי מען האָט אים גערופן, האָט זיך אויסגעבויט ביי דער זייט אַן אייגענע שטוב, אויך מיט אַ גרויסן הויף, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען גרויסע שטאַלן און סאַראַיעס, ווו ער האָט געהאַלטן די פערד און די בריטשקעס פון דער „פּאָטשט״, אויף וועלכער ער האָט געהאַט די קאָנצעסיע. דער אַלטער פרויקע אַליין האָט זיך שוין געהאַט צוריקגעצויגן פון זיינע גרויסע געשעפטן וואָס ער האָט געפירט, אָבער פון צייט צו צייט פלעגט מען אים נאָך זען דורכפאָרן זיך צו זיינע „אודאַיעס״ (פאָלוואַרקס) אָדער צו פּריצים, מיט וועלכע ער פלעגט פירן געשעפטן. פאָרן פלעגט ער אין אַ קאַרעטע, געשפּאַנט מיט אַ פּאָר גוט־אויסגעפּאַשעטע פערד, אָנגעטריבן פון אַ קוטשער — מעשה גביר. גאָטליב, דער קוטשער, אַן אָפּשטאַמיקער פון דייטשן, האָט מיטן בעל־הבית גערעדט מאַמע־לשון — ייִדיש.

פרויקע צוקערמאַן איז נישט געווען קיין למדן, אָבער דער אויסזען איז געווען פון אַ ייִדן אַ גביר, מיט אַ שיין־צעקאַמטער ווייסער באָרד. וומער האָט ער געטראָגן אַ טוכענעם סורדוט און ווינטער — אַ טכוירענעם טולופּ מיט אַ קאַראַקולענעם קאָלנער. ער האָט, פאַרשטייט זיך, געדאַוונט אין דער „רויטער קלויז״ און זיך אויפגעפירט מעשה שטאָט־באַלעבאָס. געוווינט האָט ער אין דעם פאָדערשטן הויז פון זיין גרויסן הויף, אין אַ שטוב וואָס איז געווען פול מיט גרויסע צימערן און סאַלעס. אַרויפגיין צו אים פלעגט מען דורך ברייטע טרעפּ און די פאָדערשטע אַריינגאַנג־טיר איז געווען גרויס און אימפּאָזאַנט און אַרויסגערופן צו זיך רעספּעקט. די זין זיינע, זענען אַלע געווען טיפּישע בעסאַראַבער ייִדן, וואָס האָבן געהאַט צו טון מיט „זשיִעס״ (וויינגערטנער), „אודאַיעס״ און אַנדערע דאָרפישע עסקים. בלויז דער ייִנגערער פון זיי, ייִדל, איז שוין געווען אַ שטיקל אינטעליגענט און בכדי מען זאָל דאָס בעסער דערקענען, האָט ער געטראָגן גאָלדענע פּענסנע אויף זיין לאַנגער אויסגעצויגענער נאָז. פאַר זיינע טעכטער, הויכע צעוואַקסענע ווייבער, האָט ער גענומען מיוחסדיקע איידעמס .איינער פון זיי איז געווען אַרקע ברוידע, אַ נידעריקער, שוואַ־

כער ייִד מיט אַ געלער שיטערער באָרד, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע „זשעלאַזנע" קלייט, טאַקע אין איינער פון די קלייטן וואָס פּרויקע צוקער־מאַן האָט אויסגעבויט מיטן פּראָנט צו דער מיטלסטער גאַס פונעם שטעטל.

העניך בערשטיין, איז געווען אַ צווייטער גביר פון די אַלטע איינגעזעסענע גבירים. אויך ער האָט געהאַט אַ גרויסע שטוב מיט אַ ריזיקן הויף, אין וועלכן עס האָבן געוווינט אַלע זיינע חתונה־געהאַטע קינדער מיט די שנירן און איידעמס. העניך איז געווען אַ ייִד פון מיטעלן וווקס, מיט אַ שיין־צעקאַמטער גרויער באָרד און איז שטענדיק געגאַנגען אָנגעטאָן ריין און ציכטיק. ער איז שוין געווען מער „וויזיאָנער" פון פּרויקע צוקערמאַן און האָט אויפגעשטעלט נישט ווייט פונעם שטעטל אַ גרויסע מיל, געטריבן אויף פּאַרע. איך געדענק ווען מען האָט געבראַכט צו פירן דעם גרויסן „פּאַראָוויק" (דאַמף־מאַשין) פאַר דער מיל, וואָס ער האָט אַראָפּגעבראַכט פון אָדעס. אָנגעקומען איז די ריזיקע מאַשין מיט דער באַן ביז צו דער סטאַנציע אונקיטעשט, דרייצן קילאָמעטער פונעם שטעטל, און פון דאָרט האָט מען זי געבראַכט צו פירן מיט אַ ספּעציעלער פּלאַטפאָרמע אויף גראָבע קלעצערדיקע רעדער, געשלעפּט פון צען פּאָר אָקסן. דאָס גאַנצע שטעטל איז דעמאָלט געלאָפן אָנקוקן אויף חידושים די מאַשין מיט אירע ריזיקע שקיוון און מיסטעריעזע רערן, זייגערס און הענטלעך. ווען די מאַשין איז איינגעשטעלט געוואָרן און זי האָט זיך צום ערשטן מאָל צערעוועט מיט איר „הודאָק", האָט דאָס שטעטל זיך דערפילט „אין די פעדערן", ווי דער צענטער פון איינער פון די גרעסטע מעכאַנישע מילן פון דער גאַנצער אומגעגנט. די צוויי וואַסערמילן, וואָס ניקאָלאַי „דער בלינדער" האָט געהאַט אונטן ביים „נעסטער" פּונקט קעגנאיבער דעם שטעטל, זענען פון דאַן אָן פאַרשוווּנדן געוואָרן, ווייל די פּויערים פון דער גאַנצער געגנט האָבן אָנגעהויבן פאָרן צו „העניכס מיל".

העניך בערשטיין איז געווען אַ קלוגער ייִד און אַ בנעימותדיקער מענטש און אויך זיינע קינדער האָבן זיך שוין אויסגעצייכנט אַלס למדנים און אינטעליגענטן. זיין עלטסטער זון, אברהם־הערש בערשטיין, איז געווען אַ ייִד אַ למדן און אַן איידעלער מענטש. ער האָט געהאַט איינע פון די גרעסטע שניט־קראָמען אין שטעטל און האָט גענאָסן פון גרויס אָנזען, סיי ביי ייִדן און סיי ביי די גויים. העניכס ייִנגערער זון, חיים (מען האָט אים

גערופן „חיים הענעכס״), האָט געלערנט אין אָדעס און האָט געהאַט אַן „אַפּטייטשני מאַגאַזין״. איינער פון זיינע איידעמס, אהרן־משה באַרו, האָט געהאַט די גרעסטע קלייט פון שרייבצייג און אַ ביבליאָטעק, און די יוגנט פלעג ביי אים נעמען ביכער צו לייענען אויף „פּראָקאַט״. איידער עס איז אין שטעטל געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דעם לעבן פון דער אינטעליגענץ. אהרן־משה באַרו איז געווען אַ ייִד אַ משכיל, ער האָט געטראָגן אַ סורדוט און אַ געפּרעסט העמד מיט אַ האַרטן קאָלנער, און די באָרד איז ביי אים געווען פיין צוגעשוירן, אַלאַ עמיל זאָלאַ. אויף צו לייענען האָט ער באַנוצט פּענסנע, פון וועלכער עס האָט זיך נאָכגעהאָנגען אַ שוואַרץ שנירל. ער איז געווען אַ צוריקגעצויגענער מענטשן און דאָס שטעטל האָט אים באַטראַכט אַלס אַ שטיקל בעל־גאווה.

די פּליטמאַנס זענען געווען אַ דריטע משפּחה פון גבירים, אַלע געווען טיפּישע בעסאַראַבער ייִדן, וואָס האָבן ליב געהאַט אַ גלאָז וויין און אַ גוטע מאַמעליגע מיט קעז און פּוטער. קלמן פּליטמאַן האָט געהאַט אַ אייגענע „זשיע״ און ער פלעגט אַליין אויסטרינקען דעם וויין. יאָסל פּליטמאַן איז געווען אַ ייִד אַ הויכער מיט אַ ווייסער באָרד און ווען איך האָב אים געקענט, איז ער שוין געווען אַ פּאַראַליטיקער און דער קאָפּ האָט ביי אים געציטערט אין דער פאָרעם פון „ניין״. איך האָב אים פּונדעסטוועגן געזען טאַנצן „פּאָרניאַלעס״, ווען ער האָט גענומען אַן איבעריקע כוסה. ער האָט געהאַט איינעם פון די גרעסטע סקלאַדן פון געהילץ, בשותפות מיט זיינע זין. איינער פון זיינע איידעמס איז געווען דער דירעקטאָר פון דער רוסישער מלוכה־„אוטשילישטשע״. ער האָט געשטאַמט פון דער ליטע, געווען אַ טיפּישער רוסיש־ייִדישער אינטעליגענט, וואָס האָט געקוקט אויף דער וועלט דורך אַ פּאָר דיקע ברילן, ווייל ער איז געווען אַ קורצזיכטיקער. איינער פון יאָסל פּליטמאַנס זין, וועווע, איז געווען אַ גאַנצער תקיף און אומעטום זיך געמישט אין די קהלשע עסקים. נאָך דעם וואָס בעסאַראַביע איז אַריבער צו רומעניע, זענען די פּליטמאַנס געוואָרן גרויסע בוימל־פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן געפירט מסחרים מיט דער ברייטער וועלט. יאָסל פּליטמאַנס ווייב, סאָסיע, איז געווען אַ ייִדענע אַ קאָזאַק און האָט זיך אויפגעפירט אַלאַ מירעלע אפרת, מיט גרויס שטאַט.

די דאָזיקע דריי גבירישע פאַמיליעס זענען געווען די אָנגעזעענסטע פונעם שטעטל און האָבן געשפּילט די ראָלע פון געשלאָסענע דינאַסטיעס, וואָס האָבן זיך משדך געווען צווישן זיך. זיי זענען געווען צווישן זיך גע־קנופּט און געבונדן, סיי געשעפטלעך און סיי משפּחהדיק און זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַרן אויבערשטן פונעם שטייסל. ווי יעדער גבירישע ייִדישע משפּחה האָט יעדע פון זיי געשטרעבט זיך איבערצושטייגן אין גבירישן שטאַט און אין דערציִען די קינדער אין הסכם מיט דער נייער צייט. דער ערשטער פונעם שטעטל וואָס האָט געענדיקט אויף דאָקטער־מעדיצין, איז געווען שמעון ראַבינאָוויטש, אַן אייניקל פון העניעך בערשטיין, פון דער מוטערס זייט. קלמן צוקערמאַנס זון, פרויקע, איז געווען דער ערשטער אינזשיניער וואָס דאָס שטעטל האָט אַרויסגעגעבן. קלמן צוקערמאַן אַליין איז געווען אַ ייִד אַן אינטעליגענט און איינער פון די פירנדיקע ציוניסטן פונעם שטעטל.

דער ייִדישער גביר פון בעסאַראַביע איז, מיט קליינע אויסנאַמען, ניט געווען ענלעך אויפן ייִדישן גביר פון אַנדערע ייִדישע ישובים. וועגן קיין „תורה וגדולה במקום אחד", האָט דאָ נישט געקאָנט זיין קיין רייד. דאָס זענען בדרך־כלל געווען פּשוטע ייִדן־גבירים, וואָס זענען געווען קנאַפּע בני־תורה און אין אַ סך פאַלן וויי‍ניקער פון דעם. די דאָזיקע ייִדן האָבן זייערע גרויסע געשעפטן געפירט אויף אַ פּרימיטיוון אופן און אויך אין זייער התנהגות זענען זיי געווען פּשוט און פּראָסט. די צייט האָט אָבער געטון אירס און אייניקע פון זייערע קינדער און אייניקלעך זענען אַוועק ווייטער פון די עלטערן, געלערנט, געוואָרן אינטעליגענטן און געשפּילט אַ ראָלע צווישן דער יוגנט. אַ סך פון זיי האָבן איבערגעלאָזט די רייכע היימען און זענען געוואָרן חלוצים אין די ערשטע רייען פון די וואָס האָבן גענומען בויען ארץ־ישראל. עס זענען דערנאָך אויפגעקומען נייע גבירים וואָס האָבן די אַלטע ווייט איבערגעיאָגט אין עשירות און אין געשעפטן, אָבער דער סימבאָל פון עכטער גבירשאַפט אין שטעטל זענען פאָרט געווען די אַלטע איינגעפונדעוועטע פאַמיליעס, הגם אייניקע פון זיי זענען שוין גע־ווען היבשע יורדים.

## אַ בעסאַראַבער שטעטל

אין דער צייט אָבער פונעם לעצטן משפּט, איז שוין נישט געווען קיין אונטערשיד. אַלע פונעם שטעטל, די אַלטע און נייע גבירים, די „שיינע ייִדן“ ווי די ייִדן אָן „יחוס“, זענען אַוועק אויף זייער לעצטן וועג אין דעם גהינום פון טראַנסניסטריע, דער אומבאַקאַנטער קבר פון טויזנטער בעסאַראַבער ייִדן.

# שמחת תורה

עס וועט מסתמא נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז אין קיין שום יידישן ישוב אויף דער וועלט, איז שמחת־תורה נישט געפּראַוועט געוואָרן מיט אַזאַ נאַטירלעכער פרייד ווי אין די יידישע שטעטלעך פון בעסאַראַביע. פּאַסירט האָט עס, נישט מחמת די בעסאַראַבער יידן זענען געווען גרעסערע בעלי־תורה, נאָר ווייל זיי זענען סתם געווען פריילעכע יידן, וואָס האָבן יעדן יידישן יום־טוב געפייערט מיט אַ מין נאַטיר־לעכער חדווה. בעסאַראַבער יידן האָבן נישט פאַרמאָגט די חסידישע עק־זאַלטאַציע פון די פּוילישע אָדער גאַליציאַנער יידן; זיי פלעגן אָבער די יידישע ימים־טובים — איבערהויפּט די שלוש רגלים, פּסח, שבועות און סוכות — פייערן שיעור נישט אַזוי נאַטירלעך ווי אַמאָל די יידן אין ארץ־ישראל.

אין אונדזערע מקומות, האָבן יידן געפּראַוועט שמחת־תורה אין אַ נאַטור־סביבה און אין אַ צייט פון יאָר, ווען אַלץ איז געווען ששון ושמחהדיק. אויב סוכות, דערונטער שמחת־תורה, ווערט אין דער יידי־שער רעליגיעזער טראַדיציע באַצייכנט אַלס „זמן שמחתנו" (די צייט פון אונדזער פרייד), איז דאָס אָן שום ספק געקומען צום אויסדרוק אין בעסאַראַביע, דאָס לאַנד פון תבואה, פרוכטן און וויין. די פרייד פון דער פרוכטבאַרקייט און פון דער שפע האָט זיך אין דער דאָזיקער צייט פונעם יאָר ממש געטראָגן אין דער לופט. דער איבערגאַנג פון שפּעט־זומער צום אָנהייב אָסיען (האַרבסט) האָט געאָטעמט מיט דער פרייד וואָס קומט פון אַ געראָטענער שעפערישער אַרבעט, וואָס זאָגט צו זעט און מנוחה. דער פויער האָט דעם גרעסטן טייל פון די פרוכטן פון זיין פּראַצע שוין

געהאַט אין דעם שייער, אין קעלער און אין שפייכלער און ער האָט מיט דער געזונטער זיכערקייט פון אַ נאַטור־מענטשן זיך געגרייט אויפצונעמען דעם אָנקומענדיקן האַרבסט און ווינטער.

פאַרן ייִדן, פאַרן ייִדישן סוחר, פאַרן קרעמער און פאַרן בעל־מלאכה, איז די דאָזיקע צייט געווען אַ צייט פון פּרנסה. דער פּויער האָט אויפן שטעטלשן מאַרק פאַרקויפט די פּרוכטן פון זיין פעלד־אַרבעט און זיך איינגעקויפט דאָס וואָס ער האָט נייטיק געהאַט פאַר דער פאַמיליע און פאַר דער באַלעבאַטישקייט. ביים בעסאַראַבער ייִדן איז שמחת־תורה געווען די קולמינאַציע פון דער נאַטירלעכער פרייד, מיט וועלכער עס האָט געאָטעמט דאָס לאַנד אין וועלכן ער האָט געלעבט. דער זאָג (אין דער שמונה־עשרה פון שלש רגלים) „שמיני עצרת, החג הזה, זמן שמחתנו" (שמיני עצרת, דער דאָזיקער יום־טוב, די צייט פון אונדזער פרייד), איז געווען אין פולן הסכם מיט דער פרייד וואָס האָט אים באַהערשט. די תורה, מיט וועלכער ער האָט זיך געפרייט ביי די הקפות, איז געווען בלויז דער ייִדישער אויסרייד אויף צו פרייען זיך אַלס מענטש מיט דער אַלגעמיינער פרייד פון דער אַרומיקער נאַטור וואָס האָט זיך געגרייט צו איר פאַרדינטן אָפּרו נאָך חדשים פון שווערער פּראַצע. אַלע האָבן זיך אין דער צייט פון יאָר געפרייט; אָבער דער ייִד האָט געבראַכט צום אויסדרוק זיין פרייד אויף זיין אייגענעם שטייגער. ער האָט די פרייד מיט זיין תורה איינגעוועבט און איינגעפלאָכטן אין דער אַלגעמיינער פרייד וואָס האָט אים אַרומגערינגלט.

דאָס גיין שמחת־תורה פאַרנאַכט, ערב די הקפות, צום גבאי אויף אַ „גלעזל וויין" אין אַ בעסאַראַבער שטעטל, איז עפּעס אַזוינס וואָס מען האָט נישט געזען אין קיין שום ייִדישן ישוב אויף דער וועלט. דאָס איז געווען אַ בעסאַראַבער ייִדישע שמחה אין דעם פולסטן זינען פון וואָרט. בעסאַראַבער ייִדן האָבן נישט געהאַלטן פון דעם גלייכווערטל: „אַ גאַנץ יאָר שיכור, שמחת־תורה ניכטער". אין בעסאַראַביע האָט מען אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר געטרונקען וויין און שמחת־תורה — אוודאי און אוודאי. בעסאַראַבער ייִדן פלעגן טרינקען וויין אָבער קיין שיכורים זענען זיי נישט געווען; אָבער שמחת־תורה פלעגט מען ווערן היפשלעך בגילופנדיק און די שמחה מיט דער תורה איז געווען — אין לשער. איך האָב גע־

קענט ייִדן וואָס זענען אַ גאַנץ יאָר געווען שטילע, „אָנשטענדיקע״ מענטשן; ווען עס פלעגט אָבער קומען שמחת־תורה האָבן זיי זיך אָנגע־שיכורט און דערלויבט אַלערליי קונדסערייען. שפּעטער, ווען עס איז אין שטעטל אויפגעקומען אַ באַוווסטזיניקע יוגנט — אַ ציוניסטישע, — האָט אויך די יוגנט זיך באַטייליקט אין די דאָזיקע פייערונגען פון שמחת־תורה, פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַ מאָדערן־נאַציאָנאַלן לבוש.

מיין טאַטע איז יאָרנלאַנג געווען גבאי אין דער בעל־מלאכהשער שיל פון אונדזער שטעטל און די קאָלעקטיווע שמחה פון ערב הקפות פלעגט פאָרקומען ביי אונדז אין שטוב. קיין שום עונג־שבת און קיין שום עונג יום־טוב פון די וואָס מען אָרדנט היינט איין, קאָנען זיך נישט פאַרגלייכן צו דער פרייד וואָס האָט געהערשט ביי אונדז אין שטוב אין דעם טאָג פון שמחת־תורה, איידער מען איז געגאַנגען אין שיל אַריין צו די הקפות. די מאַמע פלעגט צו דעם יום־טוב צוגרייטן פאַרשידענע גע־בעקסן, די לאַנגע צעשטעלטע טישן, זענען געווען פול מיט פרוכטן און מיט ניס (די באַרימטע בעסאַראַבער ניס) און דער עולם האָט זיך משמח געווען ביי אַ גלאָז וויין, וועלכן מען פלעגט אָנשעפּן גלייך פון די עמערס אַרויס, וואָס זענען געשטאַנען אויף די טישן. שמחת־תורה האָט מען אין בעסאַראַביע נישט באַנוצט קיין פלעשער אויף צו ברענגען וויין — מען פלעגט אים ברענגען מיט עמערס. מאָטל דער שמש, פון אונדזער שיל, פלעגט אַלע מאָל ברענגען פרישע עמערס מיט וויין, זיסן, נאָך נישט קיין אויסשפּילטן וויין פון וועלכן מען איז נאָר געוואָרן בגילופין אָבער נישט שיכור, און דער עולם פלעגט טרינקען און פאַרבייסן מיט לעקעך, פרוכטן און ניס. די פרייד, די שמחה וואָס האָט געהערשט, איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע. דאָס איז געווען אַ קוואַליקע, אַ נאַטירלעכע פרייד, וואָס האָט געשטראָמט פון די טיפענישן פונעם געמיט. דער טאַטע וואָס איז געזעסן אויבנאָן, בטבע אַ קליינער טרינקער, פלעגט פון די ערשטע פּאָר גלעזער וויין ווערן בגילופנדיק און כסדר שמייכלען. פאַר דער מאַמע זענען דאָס געווען שעהן פון אמתן נחת־רוח און מיר קליינוואַרג, זענען גאָר געווען אויפן זיבעטן הימל אין אָט דעם טאָג פון שמחת־תורה, ווען די גאַנצע פרייד האָט זיך געפונען ביי אונדז אין שטוב ממש.

און דערנאָך דאָס פירן דעם גבאי אין שיל אַריין און די הקפות!

ווער קאָן דען באַשרייבן די פרייד וואָס האָט געהערשט? ווער וואָלט גע־וואַגט צו זאָגן אַז ייִדן געפינען זיך אין גלות, ווען מען האָט געזען ווי ייִדן אין אַ בעסאַראַבער ייִדיש שטעטל האָבן געפירט אַ גבאי אין שיל אַריין שמחת־תורה צו די הקפות? דאָס שטעטל איז דאַן געווען אַ וועלט פאַר זיך, אַ ייִדישע וועלט וואָס האָט זיך געפרייט די אייגענע פרייד, נישט ווייל זי האָט געהאַט די פרייהייט דערצו, נאָר אף־על־פי־כן, טראָץ דעם וואָס זי איז געווען פאַרשקלאַפט, אונטערגעוואָרפן דעם ווילן און דעם קאַפּריז פון אַנדערע. אין דעם זין, איז נישטאָ קיין צווייטער ביי־שפּיל, ווען אַ פאָלק האָט זיך אויסגעלעבט אינערלעך, עמאָציאָנעל, גייס־טיק און פּסיכיש, אַזוי פריי אונטערן יאָך פון אַ צווייטן פאָלק, ווי דער ייִד אין דעם שטעטל פון מזרח־אייראָפּע.

און שמחת־תורה צו די הקפות אין שיל! וואָס פאַר אַ ווונדערלעך בילד! וואָס פאַר אַן אויסברוך פון אמתער, נישט־געמאַכטער פרייד! שמחת־תורה צו די הקפות, זענען אַוועקגענומען געוואָרן די צוימען צווישן מאַן, פרוי און קינד. אַלע, אָן אונטערשיד פון עלטער און גע־שלעכט, פרייען זיך מיט דער תורה. די שיל, ווו אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר זעט מען נאָר מענער — איז פול מיט פרויען, איבערהויפּט יונגע מייד־לעך, וואָס קומען זיך פרייען מיט דער תורה ווי מיט זייער אייגנס. עס איז די איינציקע געלעגנהייט ווען די ייִדישע פרוי פילט זיך ווי אַ גלייכ־באַרעכטיקטע מיטן מאַן. די שטימונג אין שיל איז נישט נאָר אַ שטי־מונג פון פרייד, נאָר אויך אַ שטימונג פון גלויבן. אַלע פילן זיך נישט נאָר פריילעך אין דער אַנוועזנהייט פון דער תורה, נאָר זיי פילן זיך באַשיצט אין איר שאָטן. דער אייביקער ייִדישער בטחון קומט צום אויסדרוק אויף אַן אומיטלבאַרן, ספּאָנטאַנעם אופן. פונעם באַלעמער הערט מען דאָס קול פונעם שמש, וואָס רופט אויס: „אלוף התורני, ר׳ פלוני בן פלוני, תן כבוד לתורה״. אַלע זענען אלופים, גענעראַלן, הייסט עס; פאַר דער תורה זענען נישטאָ קיין אונטערשידן און קיין מיוחסים. משה קאָוואַל, אַ ייִד מיט אַ „כלי״ צום זינגען, וואָס האָט די אייביקע קאָנצעסיע צו זאָגן „אתה הראת״ צו די הקפות, קלינגט איבער מיטן קול די וואָס האָבן ספּאָנטאַן אימפּראָוויזירט אַ כאָר אַרום אים און „האַלטן אים אונטער״. עולם דרייט זיך מיט די ספר־תורהס אין אַן אומאויפהער־

לעכן קאַראַהאָד, מען זינגט, מען טאַנצט מיט דער תורה הקדושה. פרויען, מיידלעך און קינדער זענען אויסגעשטעלט ביי די זייטן, קושן די תורה און ווינטשעווען: „דערלעבט איבעראַיאָר". די וואָס טראָגן די תורה ענטפערן: „גם אתם, דערלעבט אויך איבעראַיאָר".

שמחת־תורה צו די הקפות אין אַ בעסאַראַבער שטעטל איז געווען דער מאַקסימום־אויסדרוק פון מענטשלעכער, גישט־געמאַכטער פרייד. אָפטמאָל איז פרייד דער אויסדרוק פון אַ ווילן צו פאַרגעסן אין זאָרג, אין דאגות. פרייד איז אַ סך מאָל דער קינסטלעכער מאַנטל פון טרויער, וועלכן מען באַמיט זיך צו פאַרגעסן. די פרייד פון שמחת־תורה אין אַ בעסאַראַבער שטעטל איז געווען דער אויסדרוק פון דעם וואָס מען איז טאַקע געווען פריילעך — בפועל ממש. מען איז געווען פריילעך וואָס מען איז ייִדן, וואָס מען האָט אַ שיל, וואָס מען האָט אַזאַ שיינע און הייליקע תורה, וואָס מען לעבט אויף גאָטס שיינער וועלט, די וועלט פון זעט, פון פעלדער מיט פעטע תבואות, פון גערטנער מיט באַטעמטע, זאַפטיקע פירות. עס איז געווען אַ געזונט, נאַטירלעך לעבן פון ייִדן, וואָס האָבן געוווסט פאַרוואָס זיי דאַנקען גאָט.

ווי טיף עס טוט וויי וואָס דאָס אַלץ איז אונטערגעגאַנגען און געהער צו אַ פאַרגאַנגענהייט וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל מער נישט אומקערן.

# ייִדן מיט מלאכות

געהאַט האָט דאָס שטעטל אַלערליי בעל־מלאכות, די זעלבע ייִדישע בעל־מלאכות וואָס מען האָט געפונען אין אַלע שטעטלעך פון די ייִדישע תפוצות אין רוסלאַנד, פוילן און ליטע. דאָס זענען געווען געוויינלעכע ייִדישע בעל־מלאכות, ווי שניידערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס, קאָוואַלעס, פּלאָטניקעס, בלעכערס, קירזשנערס, דאָס הייסט, מענטשן מיט באַשטימטע פאַכן, וואָס האָבן נישט געטון עפּעס אַנדערש, ווי אָפּגעבן זיך מיט דער אייגענער מלאכה. אין גרעסטן טייל זענען דאָס געווען ייִדן אָרעמעלייט, יגיע־כפּימניקעס, וואָס האָבן געמאַכט אַ באַשיידן לעבן פון זייער אַרבעט. אייניקע פון די דאָזיקע בעל־מלאכות זענען געווען באַרימט אַלס גוטע פאַכלייט און זיי האָבן געהאַט צווישן די דאָרפישע פּויערים דאָס וואָס מיר רופן היינט — אַ קליענטעלע. געווען בעל־מלאכות וואָס זענען פּשוט פאַר־געטערט געוואָרן פון די פּויערים, וואָס פלעגן זיי אויסער דעם אָפּגעמאַכטן מקח פאַר דער אַרבעט, ברענגען ווערטפולע מתנות, ווי עופות, אייער, טרוקענע פּרוכטן, מעל, גרויפּן, אַלערליי ירקות און אַפילו קילעמעס, די באַרימטע מאָלדאַוואַנישע „ראַזבאָיעס" (טעפּיכער) פון אייגענער אויסאַר־בעטונג. געווען בעל־מלאכות וואָס פלעגן ווינטער־צייט אַוועקפאָרן אין די דערפער אויף אַרבעט צו די פּויערים אויף גאַנצע וואָכן און אַפילו חדשים. איבערהויפּט פלעגט עס פּאַסירן מיט שניידערס, וואָס האָבן מיטגענומען מיט זיך די גאַנצע „מאַסטערסקאָיע", מיט די ניי־מאַשינען, די געזעלן און דאָס איבעריקע קלאַפּערגעצייג. נאָך אַזאַ „עקסקורסיע", פלעגט אַ ייִדישער שניידער זיך אומקערן נישט נאָר מיט געלט, נאָר מיט פּראָוויזיע פאַרן הויזגעזינד אויף גאַנצע חדשים. געווען אויך סטאָליאַרעס, וואָס פלעגן

אַוועקפּאָרן אין די דערפער אויף אַרבעט און זיך אָפּזאָמען גאַנצע וואָכן. פאַר די אָרעמע בעל־מלאכות, זענען אַזעלכע סעזאָן־רייזעס איבער די דערפער געווען ממש אַ רעטונג. די פויערים האָבן שוין געוווסט אַז די ייִדן עסן נישט קיין טריפות און זיי פלעגן פאַר זיי קאָכן אין באַזונדערע טעפּ. נאָכטלעגער, האָט דער פויער דעם ייִדישן בעל־מלאכה שטענדיק געגעבן אין דער „קאָסע מאַרע", דאָס צימער וואָס איז ביי אים געשטאַנען ליידיק און געוואַרט אויף זעלטענע געלעגנהייטן. אַליין, איז דער פויער מיטן הויזגעזינד געשלאָפן אויפן „קופּטיאָר", אויפן אויוון, הייסט עס.

אָבער נישט וועגן די דאָזיקע ייִדישע בעל־מלאכות איז דאָ די רייד. דאָ ווילן מיר דערמאָנען נישט ייִדן בעל־מלאכות, נאָר ייִדן וואָס האָבן געהאַט אַ סך מלאכות און — ווייניק ברכות, ווי עס זאָגט דאָס ייִדישע פאָלקסווערטל אין גראַמען. דאָס זענען געווען אַזעלכע ייִדן, וואָס זענען, חלילה, נישט געווען קיין „פלעק אין דער משפּחה", ווייל מען האָט זיי נישט געהאַלטן פאַר קיין בעל־מלאכות. דאָס ייִדישע שטעטל האָט זיך געהאַט זיינע סאָציאַלע קאַטעגאָריעס און דער בעל־מלאכה, ווי באַוווסט, איז געשטאַנען אויף דעם נידעריקסטן שטאַפּל פון דעם דאָזיקן לייטער. זיין אַ גוטער בעל־מלאכה, איז געווען אַ סגולה צו פּרנסה, אָבער בנוגע יחוס, האָט עס מיט גאָרנישט געענדערט די לאַגע — אַ בעל־מלאכה איז געווען אַ בעל־מלאכה. די דאָזיקע ייִדן אָבער מיט מלאכות זענען נישט פאַררעכנט געוואָרן „אָפיציעל" אַלס קיין בעל־מלאכות און אייניקע פון זיי האָבן זיך אַפילו געהאַלטן פאַר „שיינע ייִדן".

געווען אין שטעטל אַ ייִד וועלכן מען האָט גערופן אהרן שואלס. לויט דער משפּחה פון וועלכער ער האָט געשטאַמט, איז ער געווען אַ ייִד אַ בּראָסטאַק, וואָס האָט אפשר קוים געקאָנט דאַווענען. ער אַליין, האָט זיך אָבער געהאַלטן פאַר אַ „שיינעם ייִדן". געהאַט האָט ער עטלעכע פאַכן, אָבער פון די אַלע מלאכות איז ער געווען, אויב נישט קיין אָרעמאַן, קיין גביר זיכער נישט. אָפיציעל, איז ער געווען אַ „קאָלאָניסט", ווייל ער האָט פון זיינע עלטערן באַקומען בירושה פינף „פּאַלשעס"*) ערד, וועלכע ער פלעגט אַליין באַאַרבעטן, אָבער קיין לעבן האָט ער פון זיי, ווייזט אויס,

*) פּאַלשע — ערד־שטח.

ניט געקאָנט מאַכן. אָבער אהרן שואלס, איז געווען אַזאַ וואָס האָט זיך צו אַלץ „אויסגעטויגט”. איז ער טאַקע אין משך פון אַ סך יאָרן געווען דער איינציקער „צירולניק” (שערער) פונעם שטעטל. ביז היינט צו טאָג, ליגט מיר נאָך אין טעם דאָס וואָס איך האָב געפילט ווען דער טאַטע פלעגט מיך נעמען צו אים און ער פלעגט מיך אָפּשערן „צום קאָפּ” מיט זיין מאַשינקע וואָס האָט געציפּט און געדראַפּעט, אַז מען האָט געקאָנט אויס־גיין אונטער זיינע הענט. ווען אַהרן פלעגט איינעם אָפּגאָלן, איז ער פון זיינע הענט אַרויס אַ צעבלוטיקטער, ווי נאָך אַ שלאַכט. די „צירולניע” האָט ער געהאַט טאַקע ביי זיך אין שטוב, ווו מען האָט זיך געדאַרפט איינבייגן אויף אַריינצוגיין. זיינע צוויי זין האָט ער אויך געמאַכט פאַר „צירולניקעס”, אָבער זיי האָבן שוין געמאַכט אַ שריט ווייטער און גע־שטעלט מאָדערנע „צירולניעס”, ווי די צייט האָט געפאָדערט. דער דריטער פון זיינע זין, הערש, מיט אַ צעשפּאָלטענער ליפּ, דורך וועלכער מען האָט אַרויסגעזען די ציין, האָט זיך שוין אָפּגעגעבן מיט די אַנדערע „פאַכן” פונעם פאָטער. און פאַכן האָט אהרן, ווי מיר וועלן ווייטער זען, געהאַט נאָך אַ פּאָר, הגם קיין גביר איז ער פון זיי ניט געוואָרן. אין דער היט־זיכט, איז הערש געווען געראָטן אין פאָטער.

אויסער אַן ערד־אַרבעטער און אַ צירולניק, האָט אהרן שואלס געהאַט דעם איינציקן צאָפּ (באָק), צו וועלכן מען פלעגט פירן באַפרוכפּערן אַלע ציגן פונעם שטעטל. דאָס איז געווען זיינע אַ קאָנצעסיע, אין וועלכער קיינער פונעם שטעטל האָט ניט געוואַגט משיג גבול צו זיין, ווייל אהרן שואלס איז געווען פון די ייִדן וואָס האָבן זיך ניט געלאָזט שפּייען אין דער קאַשע. ווען מען פלעגט דאַרפן דורכגיין דאָרט ווו ער האָט געוווינט, האָט מען אויף אַ ווייטער שטרעקע געפילט אַז דאָ געפינט זיך דער שטעטלשער צאָפּ. ווען עס פלעגט קומען דער סעזאָן, איז אהרנס הויף גע־ווען פול מיט ציגן. דער ממונה איבער זיי, איז געווען הערש.

אָבער חוץ די אויבנדערמאָנטע דריי פּרנסות, האָט אהרן שואלס געהאַט נאָך אַ פערטע פּראָפעסיע: ער איז געווען דער ראש פון דער חברה „מע־לאָטשיע”, פון די קברנים, הייסט עס, פונעם שטעטל. דאָ האָט אהרן גע־פירט שטאַט מיט אַ שטאַרקער האַנט און מען האָט פאַר אים ממש מורא געהאַט. ווען עס פלעגט זיך מאַכן אַ בר־מינן, איז אהרן געווען דער וואָס

האָט אים זיין רעכט געטון, האָט אים אַרויפגעלייגט די שערבלעך אויף די אויגן און אַריינגעלייגט די פאַרטריקנטע גראָזן אין די הענט און געטון אַלע אַנדערע זאַכן וואָס דער יידישער דין פאָדערט. אהרן פלעגט עס טון בונקט, למשל, ווי ער וואָלט איינעם אָפּגעשוירן אָדער אָפּגעגאָלט די באָרד. בכלל, האָט עס אויסגעזען ווי ער וואָלט פאַר גאָרנישט מורא געהאַט און ער איז טאַקע געווען דער איינציקער וועמען מען פלעגט אָפּט זען קאָסען גראָז אויפן שטעטלשן בית־עולם. גלייך דאָס וואָלט געווען זיינער אַן אייגענער מאַיאָנטעק.

דערצו האָט אהרן געקאָנט נאָך אַ האַלב טוץ מלאכות, ווי מאַכן ציגל, צורעכט־מאַכן אַ פּלויט, טעשען, דעקן אַ דאַך, אַריינשטעלן אַ דישעל אין אַ וואָגן, היילן פערד א״אַ״וו. פון דעם אַלעמען אָבער, איז ער געווען, אַ ייִד וואָס האָט שווער געמאַכט פּרנסה און געוווינט האָט ער כל ימיו אין אַן אַלטער, איינגעהויקערטער שטוב, וואָס ער האָט געירשנט פון זיינע על־טערן. דאָס יאָ: ער האָט זיך געהאַלטן אַלס אַן אָנגעזעענער בעל־הבית פונעם שטעטל און אין דעם זין אַפילו אַרויסגעוויזן תקיפות.

אַ צווייטער ייִד פון דעם מין איז געווען דודי „דער לאַנגער״. דעם צונאָמען האָט ער געהאַט, ווייל ער איז געווען אַן אומגעווייינלעך הויכער, מיט אַ לאַנג פּנים, וואָס איז געווען אַרומגערעמט מיט אַ לאַנגער באָרד און אויך פּיאות האָט ער געטראָגן לאַנגע. ביי אונדז אין שטעטל, האָט מען דאַכט זיך נישט געזען קיין שום אַנדער ייִדן מיט אַזעלכע לאַנגע פּיאות ווי דודי דעם לאַנגנס. געווען איז ער אַ קורצזיכטיקער און געקוקט דורך אַ פּאָר גראָבע ברילן וואָס האָבן געריטן אויף זיין ביינערדיקער נאָז, פאַר־סעסטיקטע צו די אויערן מיט דראָטענע האָלאָבליעס. זומער און ווינטער האָט דודי געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, וואָס איז געווען אינגאַנצן פאַר־פלעקט, און אויפן קאָפּ אַ טוכן היטל, אָנגערוקט ביז צו די אויערן.

דודי איז אָפיציעל נישט געווען קיין בעל־מלאכה, אָבער ער האָט זיך צו אַל״ץ „אויסגעטויגט״. געהאַט האָט ער ביי זיך אין שטוב אַ וואַרשטאַט אַזאַ, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעוואָרפן פון אַלץ וואָס אַ מענטש קאָן זיך פאָרשטעלן. דודי איז נישט געווען קיין בלעכער און דאָך פלעגט מען צו אים טראָגן פאַרלייטן אַ סאַמאָוואַר, אַ פענדל, אַ ראַנדל. איז ביי עמיצן צעבראָכן געוואָרן אַ טעפּל אָדער אַ טעלער, איז דודי געווען אַן אמתער

מייסטער אויף צו פאַרדראָסעווען אים, אַז ער זאָל קיין טראָפּן וואַסער ניט דורכלאָזן. איז ביי עמיצן צעבראָכן געוואָרן אַ לאָמפּ, האָט אים דודי פאַר־ריכט. איז שטיין געבליבן אַ וואַנט־זייגער, האָט דודי זיך אַזוי לאַנג גע־פּאָרעט מיט אים, ביז ער פלעגט ווידער אָנהייבן צו גיין. האָט מען גע־דאַרפט אָנשאַרפן אַ שערל — דודי. דודי איז „אָפיציעל" נישט געווען קיין מוליער און פלעגט פונדעסטוועגן צורעכטמאַכן אויוונס און אַפילו מאַכן נייע אויוונס. איז ביי עמיצן פאַרשטאָפּט געוואָרן דער קוימען פון דער הרובע, איז דודי געווען אַ מייסטער אויפצושטאָפּן אים. דודי איז אויך געווען אַן איינבינדער פון ספרים. בקיצור — נישט געווען קיין זאַך וואָס דודי זאָל נישט קאָנען און וויסן.

און געווען איז דער דאָזיקער ייִד, וואָס האָט מער געשוויגן ווי גע־רעדט, כל ימיו אַן אָרימאַן. מען האָט אים קיינמאָל נישט געזען זיך קהלן, זיך שטופּן אויבנאָן. דאָס יאָ: אין שטעטל איז דודי נישט געווען פאַרעכנט אַלס קיין בעל־מלאכה, הגם ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַ האַלב טוץ מאַכן, פון וועלכע ער האָט, דאַכט זיך, נישט געהאַט קיין פּרנסה.

אַ דריטער ייִד איז געווען אין שטעטל, וועלכן מען האָט גערופן משה זייגערמאַכער. געווען איז ער אַ ייִד אַ דאַרער, מיט אַ שמאָל פּנים, וואָס האָט זיך אונטן פאַרענדיקט מיט אַ שיטערער, געלער באָרד. די נאָז איז ביי אים געווען אַ דינע, אַ שאַרפע, און אויגן האָט ער געהאַט, וואָס האָבן אַריינגעוואָרפן פון בלוי אין גרינלעך. לויט דעם צונאָמען, איז קלאָר, אַז משה איז געווען אַ זייגערמאַכער און דאָס האָט מען אויך געקאָנט זען פון זיין זיצן אַן איינגעבויגענער ביי זיין קליין וואַרשטאַטל און דורך דעם שפּאַקטיוול, אָנגעטאָן אויף איין אויג, פאָרשן די קליינע טיילעכלעך פון די קאַליע־געוואָרענע זייגערס, וואָס שטעטל האָט צו אים געבראַכט. אָפטמאָל פלעג איך ליב האָבן זיך אָפּצושטעלן ביים פענצטער פון זיין זייגערמאַכעריי און זיך צוקוקן ווי ער בלאָזט דורך אַ רערל אויפן פלאַם פון אַ נאַפט־מאַשינקע, ווען ער האָט עפּעס געדאַרפט פאַרלייטן. וואָס איך האָב נישט געקאָנט באַגרייפן, איז געווען — פונוואַנען עס נעמט זיך צו אַזאַ שוואַך מענטשל אַזויפיל „דעך" אויף צו בלאָזן. משה האָט אָבער, וויזט אויס, געקאָנט די מלאכה און דער „דעך" פלעגט זיך ביי אים קיינמאָל נישט אויסלאָזן.

וויזט אויס אָבער, אַז משה האָט פון זיין זייגערמאַכעריי נישט געהאַט קיין פּרנסה, האָט ער „צוגעקנעלט“ אַלס שערער. אין דער זעלבער הילצערנער קלייט, וווּ עס איז געשטאַנען זיין וואַרשטאַטל פון זייגערמאַכעריי, האָט ער אויך געהאַט אַ שטול מיט אַ שפּיגל און ווען עס איז אַריינגעקומען אַ קליענט, האָט ער אַוועקגעלייגט דאָס שפּאַקטיוול, די שרויפּנציערלעך און די צוועגגלעך, און זיך גענומען צום שערל און צו דער בריטווע. אַלס קליינער יאַט, האָב איך שוין געהאַט דאָס געפיל, אַז משה פילט זיך קלענער ווען ער שטייט און שערט עמיצן, ווי ווען ער זיצט ביים וואַרשטאַטל און קוקן דורכן שפּאַקטיוול אויף די רעדעלעך און שרייפעלעך פון אַ זייגער. וויזט אויס אַז אַנדערע האָבן אויך אַזוי געפילט און גערופן האָט מען אים טאַקע משה זייגערמאַכער, כאָטש ער האָט מער געאַרבעט אַלס „צירולניק“ ווי אַלס זייגערמאַכער.

משה איז, וויזט אויס, פוןביידע פאַכן נישט געווען קיין גביר, ווייל ער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט, ווען עמיצער האָט אים אַריינגעבראַכט עפּעס אַ כלי צו פאַריכטן און אויך דאָ האָט ער אַרויסגעוויזן בקיאות. ער איז אויך געווען פון די וואָס האָבן זיך „אויסגעטויגט“ צו אַ סך זאַכן, אָבער „אָפיציעל“ איז ער געווען באַר אַ זייגערמאַכער און אויף דעם האָט עדות געזאָגט די גרויסע „וויוועסקע“ (שילד) וואָס האָט געהאָנגען אין סאַמע פראָנט פון זיין געשעפט, און אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעמאָלט אַ זייגער מיט די ווייזערס אויף צוועלף אָן אַ פערטל. משה איז יאָ געווען פאַרעכנט אַלס אַ בעל־מלאכה, אָבער אַ מלאכה פון אַ העכערער קאַטעגאָריע — אַ זייגערמאַכער. און אַ זייגערמאַכער איז אין די קליינע יידישע שטעטלעך שוין נישט געווען קיין גרויסער „פלעק“ אין דער משפחה...

יאָ, דאָס זענען געווען יידן מיט מלאכות, אָבער נישט קיין בעל־מלאכות און דאָס האָט שוין עפּעס געמיינט.

# טיטון־פּלאַנטאַטאָרס

עס האָבן אין שטעטל נישט געפעלט קיין האָרעפּאַשניקעס. פּאַקטיש האָט דאָס גאַנצע שטעטל אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן געאַרבעט. קיין ליידיקגייער זענען נישט געווען. אַפילו די אַזוי־גערופענע לופט־מענטשן, די סוחרים וואָס פלעגן אויפקויפן אַ זעקל תבואה ביים פויער און דערנאָך עס פאַרקויפן, האָבן אויך שווער און ביטער געאַרבעט. סרובמאָל, האָבן זיי דאָס ביסל תבואה געטראָגן אויף די פּלייצעס צו זיך אַהיים אָדער צו דעם, וועמען זיי האָבן עס פאַרקויפט. פון די בעל־מלאכות איז דאָך אָפּגערעדט אַז זיי האָבן שווער און ביטער געהאָרעוועט אויפן שטיקל ברויט. אויך די קרעמער האָבן שווער געאַרבעט אין זייערע קלייטן, צו וועלכע זיי זענען געווען צוגעבונדן ווי די שקלאַפן, — פון זון־אויפגאַנג ביז אין דער שפּעטער נאַכט.

עס איז אָבער געווען אין שטעטל איין מין האָרעפּאַשניק, וואָס האָט ממש נישט געהאַט צו זיך קיין גלייכן: דאָס איז געווען דער טיטון־פּלאַנטאַטאָר. די שוואַרצע בעסאַראַבער ערד איז געווען צוגעפּאַסט פאַר דעם קולטיוו פון טאַבאַק און די מערהייט וואָס האָבן זיך דערמיט אָפּגעגעבן זענען געווען ייִדן. די מאָלדאוואַנעס האָבן זיך נישט אָפּגעגעבן מיט קיין טיטון־פּלאַנטאַציעס. און ייִדן זענען נישט נאָר געווען די טיטון־פּלאַנטאַטאָרס אין בעסאַראַביע, נאָר זיי האָבן אויף דעם דאָזיקן געביט דערגרייכט גאָר גרויסע דערפאַרונגען. ביי אַ סך ייִדישע משפחות איז דאָס פּלאַנטאַטאָר־פאַך איבערגעגאַנגען פון עלטערן צו קינדער.

ייִדן אין דעם בעסאַראַבער שטעטל האָבן שווער געאַרבעט, אָבער קיינער האָט נישט אַזוי געהאָרעוועט ווי דער טיטון־פּלאַנטאַטאָר. דער־

טאַבאַק איז אַ קולטיוו וואָס פאָדערט אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר אַרבעט און וואָס שייך דעם פּלאַנטאַטאָר פון דעם בעסאַראַבער שטעטל, איז אין דער אַרבעט געווען אַריינגעצויגן די גאַנצע פאַמיליע. נישט נאָר דער מאַן מיט די זין האָבן געאַרבעט, נאָר אויך דאָס ווייב מיט די טעכ־טער. אין געוויסע אַרבעטן פונעם טאַבאַק־קולטיוו, זענען די פרויען געווען מער געניט ווי די מענער.ביים אויפסילעווען די בלעטער צום טרוקענען, למשל, זענען די פרויען געווען די בעסטע אַרבעטערנס. אויך ביים „זעצן" דעם טיטון האָבן די מיידלעך זיך אויסגעצייכנט בעסער ווי די מענער.

דער קולטיוו פון טאַבאַק הייבט זיך אָן באַלד ווי דער ווינטער נעמט זיך גרייטן אין וועג אַדיין און דער פרילינג הייבט זיך אָן אויסצופּיקן. ווי נאָר די קעלטן לאָזן נאָך און דער שניי צעגייט זיך, הייבט דער פּלאַנ־טאַטאָר אָן די אַרבעט. נאָך פּורים, ווען דער ווינטער איז שוין געווען פאַר־ביי און די פרילינגס־זון האָט אָנגעהויבן אויסטריקענען די ערד, האָט מען אין די הויפן פון די פּלאַנטאַטאָרס אָנגעהויבן צוגרייטן די „פּאַרניקעס" פאַרן „ריסאָד", וועלכן מען פאַרזעצט שפּעטער אויף די פעלדער. די „פּאַר־ניקעס" זענען געווען אַזעלכע פּרימיטיווע ספּעקטן, אין וועלכע דער פּלאַנ־טאַטאָר פלעגט פאַרזייען די טאַבאַק־זריעה, וואָס איז אויסגעוואַרעמט געוואָרן אונטער די פענצטער פון דער מילדער בעסאַראַבער דרום־זון. אויף צו קולטיווירן דעם „ריסאָד" האָט מען געדאַרפט האָבן אַ סך דערפאַרונג און די יִדישע פּלאַנטאַטאָרס האָבן זי געהאַט. מען האָט ספּעציעל געדאַרפט צוגרייטן די ערד פון די ספּעקטן אַ גוט־צעאַקערטע און באַמיסטיקטע און דערנאָך היטן דעם פאַרזיי קעגן אַלערליי פּלאַגעס און אַנשיקענישן. דעם „ריסאָד" פלעגט מען דאַרפן באַגיסן עטלעכע מאָל אין טאָג און דאָס וואַסער פאַר דעם האָט מען אָפטמאָל געדאַרפט ברענגען פון ווייט, אין פעסער. ביסלעכווייז פלעגט דער פאַרזיי אין די „פּאַרניקעס" אָנהייבן אַרויסשפּראָצן, פריִער שיטער און דערנאָך געדיכטער, ביז ער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געדיכטעניש פון יונגע טאַבאַק־פּלאַנצן, וועלכע מען פלעגט אויסרייסן זייער פאָרזיכטיק, אַז דער וואָרצל זאָל נישט געשעדיקט ווערן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט פון „זעצן" דעם טיטון אויף די פעלדער.

„זעצן" טיטון איז אפשר איינע פון די שווערסטע אַרבעטן וואָס זע־

נען פאַראַן אין דער לאַנדווירטשאַפט. דער וואָס „זעצט" טיטון דאַרף בוכשטעבלעך אויסמעסטן דאָס גאַנצע פעלד אויף די קני אָדער אַן איינ־געבויגענער, איינפלאַנצנדיק די יונגינקע טאַבאַק־פלאַנץ, איינס נאָך איינס. די פּראָצעדור איז באַשטאַנען פון אַ שטאָך־טון מיט אַ הילצערנעם פלאָקן אין דעם ווייכן צעאַקערטן באָדן, אַריינזעצן די פלאַנץ און זי צוריק אַרומ־שיטן מיט דעם זעלבן פלאָקן. ביי דער דאָזיקער אַרבעט פלעגט אַרבעטן די גאַנצע פאַמיליע און אַממערסטן פלעגן זיך אין דעם אויסצייכענען די מיידלעך מיט זייערע עלאַסטישע בויגעוודיקע קערפּערס. בעסאַראַביע איז מסתמא דאָס איינציקע לאַנד אויף דער וועלט, וווּ ייִדישע מיידלעך האָבן געאַרבעט אין פעלד, האַנט ביי האַנט מיט די מענער און אָפטמאָל טאַקע בעסער ווי די מענער.

נאָכן „זעצן" דעם טיטון, האָט דער פלאַנטאַטאָר געהאַט אַ ביסל אָפּרו, ביז דער טאַבאַק איז אויסגעוואָקסן. דאָס פלעגט געדויערן עטלעכע וואָכן און דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט פון „פּראַשעווען" דעם טיטון, דאָס הייסט, יעטן אים און באַזייטיקן די שעדלעכע פלאַנצן. אויך אין דער דאָזיקער אַרבעט האָבן די פרויען אַרויסגעוויזן מער אויסדויער און פעי־קייטן ווי די מענער. געווען אין שטעטל מיידלעך וואָס זענען געווען אמתע מייסטערנס אויף צו פּראַשעווען טיטון. אויך דאָ האָט מען געדאַרפט דורכ־גיין שטאָם נאָך שטאָם פון דעם פאַרזייטן פעלד און באַאַרבעטן די פלאַנץ.

און אַז גאָט האָט געהאָלפן עס האָט גערעגנט און די טאַבאַק־שטעקנס זענען אויפגעוואָקסן הויכע און די בלעטער גרויסע, האָט זיך ערשט אָנ־געהויבן די ריכטיקע אַרבעט: דאָס „רייסן" דעם טיטון און אים אויפּסי־לעווען אָדער „סילען", ווי מ'האָט געזאָגט אין בעסאַראַביע. דאָס „רייסן" איז באַשטאַנען פון אָפּרייסן די בלעטער פונעם שטאָם, אויפלאָדן זיי אין וואָגן און אָפּפירן זיי אַהיים ווו מען פלעגט זיי אויפסילעווען אויף שפּאַ־גאַט אין „שוואַרעס" און זיי אויסהענגען צום טרוקענעם נישט אונטער דער זון, נאָר אין ספּעציעלע „מאַגאַזאַנעס" אָדער שאָפּעס, ווו די בלעטער האָבן זיך לאַנגזאַם געטרוקנט אָבער נישט פאַרטרוקנט געוואָרן, אַזוי אַז זיי זאָלן זיך צעשיטן. דאָס טרוקענען דעם טיטון איז אַן עניין צו וועלכן עס פאָדערט זיך אַ סך פאַרזיכטיקייט, ווייל דערנאָך קומט ערשט אַ נייער עטאַפּ וואָס מען רופט „פאַפּישעווען" און וואָס באַשטייט פון סאָרטירן די בלעטער און

זיי איינפּאַקעווען אין פּעק, איידער זיי גייען אַוועק אין די פאַבריקן, ווו מען צעשניידט אים און מען מאַכט פון אים ציגאַרן.

דאָס „פּאַפּישעווען" פלעגט זיך אָנהייבן נאָך סוכות און האָט זיך געצויגן וואָכן און חדשים דורכן ווינטער. די „פּאַפּישעווניקעס" פון טאַבאַק פלעגן אָפּשטיין בוכשטעבלעך דורך די נעכט און איבערקלייבן בלעטל נאָך בלעטל, ביז זיי האָבן אויסגעסאָרטירט דעם טאַבאַק און פאַרפּאַקעוועט. אָפטמאָל, האָט דאָס פּאַפּישעווען זיך פאַרצויגן ביז ערב־פּרילינג, ווען מען האָט שוין געדאַרפט אָנהייבן צוגרייטן די מכשירים צו דער נייער גע־רעטעניש.

די טיטון־פּלאַנטאַטאָרס זענען געווען דערפאַרענע, גוט־איינגעאיבטע פּויערים, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום וועטער. דאָס זענען געווען שטאַרקע ייִדן מיט גרויסע בערד וואָס האָבן אַרומגעזוימט אָפּגעברוינטע צעאַקערטע פּנימער. אין די דאָזיקע ייִדן וואָס האָבן שווער געהאָרעוועט אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר, האָבן נאָך געפונען צייט פאַר דער נשמה יתירה צו פאַרוווען שיינע שבתים און ימים־טובים, ווי גאָט און לייט האָבן געבאָטן. זייערע שטיבער האָבן אַלע געהאַט גרויסע הויפן וואָס זע־נען געווען פול מיט די מכשירים וואָס זיי האָבן געדאַרפט צו דער אַרבעט, ווי אַקעראייזנס, בעראָנעס, פענצטער פאַר „פּאַרניקעס", מאַגאַזאָנעס אָן וועגט אויף צו טריקענען דעם טיטון און ברעטער אויף צו מאַכן די „פּאַרניקעס" פאַר „ריסאַד". אַליין פלעגן זיי רויכערן גראָבע ציגאַרן, איינ־געוויקלט אין גראָב פּאַפּיר אָדער אין שאָלעכץ פון פּאַפּשויעס, ווי די פּויערים פון די דערפער.

דאָס זענען געווען האָרעפּאַשנע ייִדן, וואָס האָבן טראָץ זייער האָרע־וואַניע נישט פאַרגעסן אַז זיי זענען ייִדן. על־פּי־רוב, האָט אַזאַ ייִד זיך ניט געגנומען צו דער אַרבעט, ביז ער האָט פריִער נישט אָפּגעדאַוונט אין שיל מיט מנין, אָדער ביחידות ביי זיך אינדערהיים. שבת פלעגט אַזאַ ייִד אַראָפּוואַרפן פון זיך די אַרבעט־מלבושים, אָנטאָן די קאַפּאָטע, נעמען דאָס טלית־זעקל און גיין אין שיל אַריין. שבת און יום־טוב, האָבן זיך די דאָ־זיקע ייִדן באַפרייט פון זייער שווערער פּראַצע און זענען געווען פּרינצן.

זיי זענען נישט געווען די איינציקע; זיי זענען געווען אַ טייל פון אַ גאַנ־צער סביבה, וואָס האָט שבת אויסגעזען אַנדערש ווי אינדערוואָכן.

בעסאַראַבער פעלדער, צי ווייַנט איר נישט אַמאָל נאָך די ייִדישע טיטון־פּלאַנטאַטאָרס וואָס האָבן אייך אַמאָל באַאַרבעט מיט אַזויפיל טרייַ־שאַפט און ליבע?...

# דער „יורש“

געהייסן האָט ער אהרן, אָבער גערופן האָט מען אים „דער יורש“. פאַרוואָס מען האָט אים אַזוי גערופן, האָט קיינער נישט געוווּסט, אָבער אַז שטעטל האָט געגעבן אַ צונאָמען, האָט ער זיך גוט צוגעקלעפּט. מען האָט זעלטן־ווען געזאָגט אהרן „דער יורש“; עס איז גענוג געווען „דער יורש“ אַליין, אַז מען זאָל וויסן וועמען מען מיינט, הגם עס זענען געווען נאָך עטלעכע פון זיין משפחה וועלכע מען פלעגט רופן „די יורשים“. יענע אָבער פלעגט מען דאַרפן אָנרופן ביי די נעמען אַז מען זאָל וויסן וועמען מען מיינט. ביי אים איז גענוג געווען צו זאָגן „דער יורש“ און נישט אָנרופן דעם נאָמען אַז מען זאָל וויסן אַז אים מיינט מען.

דער „יורש“ איז געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע ייִדן אין שטעטל. ער איז געווען אַ דרדקי־מלמד און עטלעכע דורות פונעם שטעטל האָבן זיך ביי אים אויסגעלערנט צום ערשטן מאָל אַ צורת אות. ווען איך האָב ביי אים געלערנט אין חדר, איז ער געווען אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, אָבער זיין פּירסום איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט געהאַט דעם איינדרוק אַז אַפילו די גרייז־גרויע זקנים פונעם שטעטל האָבן ביי אים געלערנט אין חדר. עפּעס האָט זיך קיינעם נישט געלייגט אויפן שכל אַז עמיצער זאָל שוין לערנען חומש מיט רש״י און ער זאָל פריִער נישט האָבן געלערנטביים „יורש“ דעם טראַדיציאָנעלן קמץ אלף אָ, קמץ בית באָ, מעג ער שוין זיין אַן אַלטער מאַן און האָבן אוראייניקלעך.

געווען איז דער „יורש“ אַ ייִד פון נידעריקן וווקס מיט אַ פולבלעך ראָזעווע פּנימל, אַרומגערעמלט פון אַ שיטערער באָרד וואָס האָט זיך אין אומאָרדענונג געקרייזלט אין אַלע זייטן אַריין. פון אונטערן דאַשעק פון

זיין טוכן היטל האָבן אַרויסגעפינקלט אַ פּאָר לעבעדיקע בייזלעכע אויגן, וואָס האָבן אויף אונדז קינדער אַנגעוואָרפן אַן אימה. הענטלעך האָט ער געהאַט קורצע און פּוכינקע, די פינגער, מיט פאַרלאָזטע לאַנגע נעגל, מיט וועלכע ער פלעגט אונדז מוראדיק קנייפן פאַר יעדער קלייניקייט. שלאָגן פלעגט ער זעלטן־ווען און נישט שטאַרק; זיין אויסגעפּרוווטע סיסטעם פון איינפּלאַנצן אין אונדזערע יונגינקע מוחלעך די ערשטע שפּראָצן פון דער תורה, איז געווען דאָס קנייפן און טוען פלעגט ער עס מיט אַ באַזונדערער ליידנשאַפט און כוונה, גלייך עס וואָלט געווען אַ וויכטיקער און בייטיקער טייל פון זיין עובדה אַלס מחנך. מיר, די חניכים זיינע, יעדער איינער מיט זיינע פינף־זעקס יאָר אויף די פּלייצעס ,האָבן עס געמוזט אָננעמען באהבה, ווייל עס איז קיין אַנדער ברירה נישט געווען.

אין דעם אַזוי־גערופענעם סדר פון אַמאָליקער יידישער דערציִונג, איז דאָס חדר פונעם „יורש" געווען דאָס וואָס מיר רופן היינט אַ קינדער־גאָרטן. בכל אופן, איז דאָס געווען אַ קינדער־גאָרטן לויט דער עלטער פון די תלמידים וואָס האָבן דאָרט געלערנט. לויט די באַדינגונגען און לויט די מעטאָדן פון לערנען, האָט עס גיכער דערמאָנט אין אַן אויסבעסערונגס־הויז ווי אין אַ קינדער־גאָרטן. דאָס טייטל, דער קאַנטשיק און דעם רבנס באַנעגלטע פינגער זענען געווען די מיטלען מיט וועלכע מען האָט אונדז געלערנט שטעלן די ערשטע טריט אויף דעם שווערן וועג פון לערנען די יידישע תורה. דער „יורש" איז אין דעם זין נישט געווען קיין אויסנאַם, אָבער ער האָט, ווייזט אויס, געהאַט וואָגיקע מאָטיוון אויסצופירן זיין ראָלע מיט אַ באַזונדערער התמדה.

געווען איז דער „יורש" אַ קינדערלאָזער און ביי אים אין שטוב האָט זיך שטענדיק געפילט אַ וויסטע עצבות, הגם זי איז שטענדיק געווען פול מיט קינדער אין יענער עלטער ווען די קינדער־פרייד שפּראָצט ווי אַ פלאַנץ אין פעלד. דאָס ווייב זיינס, די רביצין — מלכה האָט זי געהייסן — איז געווען אַ מסוכן־היקעוואַטע און האָט קוים געקאָנט אַרויסברענגען אַ וואָרט פונעם מויל. זי איז אָבער געווען אַ גוטהאַרציקע סימפּאַטישע פרוי און שטענדיק האָט איר פּנים, פול מיט בראָדעווקעס, אויסגעדריקט טיפן טרויער. היינט איז מיר נישט שווער צו פאַרשטיין אַז דער דאָזיקער טרויער האָט זיך גענומען פון איר קינדערלאָזיקייט און פון איר שווערן פיזישן

פּעלער, וואָס פלעגט איר פאַרשאַפן בושות, ווען זי האָט געדאַרפט אויסרעדן אַ וואָרט. אַ קוואַל פון פרייד זענען פאַר איר געווען די פרעמדע קינדער וואָס האָבן זיך שטענדיק געפונען ביי איר אין שטוב און מיט וועלכע זי פלעגט זיך זייער אָפט אַ שפּיל־טון. אָפטמאָל פלעגט עס קומען צו קרי־גערייען צווישן איר און דעם מאַן, ווען זי האָט זיך אָנגענומען פאַר אַ קינד אויף וועלכן דער „יורש" האָט פריי געלאָזט גיין זיינע נעגל. די דאָזיקע סיכסוכים צווישן דעם „יורש" מיט דער „יורשטע", ווי מען האָט זי גערופן, האָבן זיך כמעט שטענדיק אויסגעלאָזט מיט אַ טראַגיקאָמישער נאָטע, צוליב די שפּראַך־שוועריקייטן פון דער אָרעמער פרוי. זי פלעגט אַן אויפגערעגטע „פאַרלאָזן דאָס שלאַכטפעלד", כמעט שטענדיק אַ באַ־זיגטע, ווייל דער מאַן אירער האָט, להיפוך צו איר, געהאַט אַ גוט חיתוך־הדיבור און אַ מויל וואָס איז געגאַנגען אויף שרייפלעך. מיר, קינדער, האָבן שטענדיק געפילט צו איר אַ שטילע סימפּאַטיע, אָבער ווען די קרי־גערייען פלעגן אויסברעכן, פלעגט אונדז באַפאַלן אַן אימה און קיינער פון אונדז האָט נישט געוואַגט אַ וואָרט צו זאָגן.

געהאַט האָט דער „יורש" זיין אייגנס אַ גוטע שטוב און אַ פּאָר „פאַל־שעס" ערד וואָס זענען אים געבליבן בירושה. אַליין באַאַרבעטן די ערד האָט ער נישט געקאָנט, פלעגט ער זי אַוועקגעבן אויף העלפט אַ טיטון־פּלאַנטאַטאָר, אַזוי אַז סיי די שטוב, סיי דער גרויסער הויף, און סיי דער „מאַגאַזאַן" (שאָפע) זענען אויסער מיט תורה, אויך געווען פול מיטן ריח פון טאַבאַק, וואָס האָט גערייצט די קינדערשע נעזלעך און פאַרדרייט די קעפּ־לעך, אַזוי אַז דעם „יורשס" תורה האָט זיך צו אונדז ווייניק צוגעקלעפּט. זומערלעב, איז דער גרויסער הויף געווען פול גרינעם טאַבאַק וועלכן מען האָט אויפגעסילעוועט אויף שפּאַגאַט צום טריקענען, און דער „מאַגאַזאַן" איז געווען געדיכט באַהאַנגען מיט די „שוואַרעס". און אַזוי ווי מיר פלעגן צוליב די גרויסע היצן זומער לערנען אין „מאַגאַזאַן", איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן אין וואָס פאַר אַן אַטמאָספער פון „ריינער לופט" מיר האָבן געלערנט. ווינטער, האָט זיך דאָס זעלבע איבערגעחזרט אויף אַן אַנדער אופן, ווען מען האָט דעם טיטון „געפאַפּישעוועט" (געפּאַקעוועט) אין דער זעלבער שטוב ווו מיר האָבן אַ גאַנצן טאָג געלערנט אין אַ פאַר־מאַכטן צימער, וווהין עס איז קיין ביסל פרישע לופט נישט אַריינגעקומען.

דער „יורש" אַליין, האָט זיין צייט איינגעטיילט צווישן קנעלן מיט אונדז, אַרבעטן אַרום זיינע טיטון־עסקים און קריגן זיך מיט דער יידענע... פאַר אונדז קליינוואַרג, איז די בעסטע צייט געווען יענע, ווען ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זיינע טאַבאַק־געשעפטן. מיר פלעגן דאַן בלייבן אונטער דער השגחה פונעם באַהעלפער, אַ געזונטער בחור, וואָס פלעגט אונדז אַסיען־צייט, בעת די גרויסע בלאָטעס, ברענגען און אָפּטראָגן אויף די פּלייצעס, און מיט וועמען מען האָט שוין געקאָנט אויסקומען. אים האָט מען געקאָנט אָפּקויפן אַפילו מיט עפּעס פון דעם וואָס די מאַמע פלעגט מיטגעבן אויף צו עסן אין די ווינטערטעג אין חדר, ווו מיר זענען אָפּגעזעסן אַ גאַנצן טאָג.

אָט אַזוי האָט אויסגעזען דעם „יורשס" חדר אין וועלכן מיר האָבן געלערנט. דער „יורש" איז געווען אַ טיפּישער בעסאַראַבער דרדקי מלמד. עס האָט פון אים געשמעקט מער מיט פעלד און מיט טיטון ווי מיט תורה און זיין אויסזען האָט בשום אופן נישט דערמאָנט אין יענע אויסגעדאַרטע און חלושע מלמדים וואָס ווערן געשילדערט אין דער יידישער ליטעראַטור. עטלעכע דורות פונעם שטעטל, אַ סך פון וועלכע עס זענען שפּעטער אַוועק אויפן ברייטן שליאַך פון דעם אויפגעוואַכטן יידישן לעבן, האָבן געלערנט אין גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן, האָבן דורכגעמאַכט זייער ערשטע „שול" ביים „יורש" אין די אויבנדערמאָנטע באַדינגונגען. נישט איינער פון זיי דערמאָנט זיך אין מינוטן פון בענקעניש אין יענע צייטן ווען ער האָט געלערנט ביים „יורש", וועלכער האָט אים מיט זיין פּרימיטיוון מעטאָד פון טייטל און קאַנטשיק געלערנט שטעלן די ערשטע שריט צו בילדונג, צו תורה.

איך קאָן מיך נישט דערמאָנען אַז עס זאָל אין שטעטל געווען זיין נאָך איין דרדקי־מלמד פון דעם „יורשס" שניט. אַלע איבעריקע מלמדים זענען שוין געווען פון אַ העכערער קאַטעגאָריע, ווו מען האָט שוין געלערנט עברי, חומש און רש"י, פּסוק און גמרא. מיט קיין איבעריק־אָריגענעלע שטריכן האָבן זיך די אַנדערע מלמדים נישט אויסגעצייכנט. מלמדים ווי די פון אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך, בכל תפוצות ישראל. אויך זייערע הייזער האָבן זיך מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט. אומעטום דער זעלבער לאַנגער הילצערנער טיש, די זעלבע האַרטע בענק און דער זעלבער

מאָנאָטאָנער נוסח פון דעם יידישן חדר. אַן אויסנאַם איז געווען דעם „יורשס" שטוב, וואָס אויסער דעם וואָס זי האָט זיך געפֿונען אויף דער „ציגיינישער גאַס", איינע פון די שענסטע וואָס דאָס שטעטל האָט פאַר־מאָגט אויסער דער הויפּטגאַס, האָט זי געהאַט אין זיך עפּעס פון דאָר־פישער רחבות און עס האָט אַרום איר שטענדיק געאָטעמט מיט דער שטימונג פון פעלד. חוץ דעם, איז מלכה, די רביצין, געווען אַ שטאַרקע בריה און אין שטוב, איינשליסלעך דאָרט ווו מיר האָבן געלערנט, איז שטענדיק געווען ריין און זויבער. אָפּטמאָל, פלעגט זי אויף אונדז אָנ־שרייען פאַרוואָס מיר מאַכן אָן.

גערופן האָט מען אים דער „יורש" — ווער ווייסט די סיבה? — אָבער פאַקטיש איז ער געווען דער וואָס האָט יעדן פון אונדז איבערגע־לאָזט אַלס „ירושה" עפּעס פון זיין באַשיידענעם וויסן וואָס ער האָט פאַרמאָגט אַלס אַ דרדקי־מלמד אין אַ בעסאַראַבער שטעטל.

# בעריש מלמד

בעריש מלמד איז געווען אַ ייִד פון מיטעלן וווּקס מיט אַ קיילעכ־דיקער, כמעט האָרבאַטער פּלייצע. דאָס פּנים איז ביי אים געווען אַ ביי־נערדיקס, מיט אַרויסגעסטאַרטשעטע קינבאַקן און די הויט דערפון האָט געהאַט אַ געלן פּאַרמעט־קאָליר און דורכגעאַקערט מיט טיפע קנייטשן. פון אונטערן שוואַרצן קאַשקעט האָבן אַרויסגעקוקט די שיטערע רעשטן פון דעם וואָס איז אַמאָל געווען אַ קאָפּ האָר וואָס האָבן ביי די שלייפן זיך פאַרענדיקט מיט אַ פּאָר געקרייזלטע פּיאות און די גאָמבע איז געווען באַוואַקסן מיט אַ שיטערער, קורצער באָרד, וועלכע איז זעלטן־ווען באַ־רירט געוואָרן פון אַ קעמל. ער האָט געהאַט אַ טבע שטענדיק צו גלעטן זיך ביי דער באָרד און מחמת דעם איז זי ביי אים שטענדיק אויסגעקומען ווי אַרונטערגעבויגן צום האַלדז־צו.

לויט זיין אויסזען און שטענדיקן הוסטן, איז בעריש מלמד זיכער געווען אַ מסוכנער חולה. דאָס אָבער האָט אים נישט געשטערט אַרויסצו־ווייזן זיין גאַנצע שטרענגע אויטאָריטעט צו די תלמידים וואָס האָבן ביי אים געלערנט. איך ווייס נישט צי ער איז געווען אַ ייִד אַ למדן, אָבער אַ בעל תנ״ך, פון אַלטן ייִדישן שניט, איז ער זיכער געווען און ביז צום היינטיקן טאָג קאָן איך נישט פאַרגעסן דעם ניגון, מיט וועלכן ער האָט מיט אונדז געלערנט. ביי אים האָב איך אָנגעהויבן צו לערנען עברי, חומש און רש״י און — שרייבן. יאָ, בעריש מלמד איז געווען דער ערשטער וואָס האָט מיך אָנגעהויבן לערנען די קונסט פון שרייבן. די סיסטעם זיינע, איז געווען די וואָס איז געווען אָנגענומען אין יענע צייטן אין אַלע ייִדישע חדרים: דאָס שרייבן אויף „קריץ״; און באַשטאַנען איז דאָס פון דעם וואָס

ער האָט מיט אַ בלייפעדער (ביי אונדז האָט מען עס גערופן אַ „קאַראַנ־דאַש"), באַשריבן אַ בלעטל פונעם העפט און מיר האָבן די אותיות גע־דאַרפט איבערגיין מיט טינט. איך ווייס נישט צי לויט די מאָדערנע כללים פון פעדאַגאָגיע איז אַזאַ סיסטעם די בעסטע, אָבער ביי בעריש מלמד האָט זי געגעבן גוטע רעזולטאַטן און אין גאָר אַ קורצער צייט האָב איך געשריבן „ווי אַ וואַסער"...

וואָס שייך די אַלגעמיינע מעטאָדן פון לערנען, איז בעריש מלמד גע־ווען אַ טרייער אויספאָלגער פון דער אַלגעמיינער יידישער טראַדיציע איינצופלאַנצן תורה מיט די שטרענגסטע מיטלען. הגם ער איז פיזיש געווען אַ שוואַכער מענטש, איז ער אָבער געווען אַ ייד אַ קפדן, וואָס האָט זיין ווילן אַרויפגעצוווּנגען מיט שטרענגקייט. מען קאָן נישט זאָגן אַז ער האָט אויף אונדז אָנגעוואָרפן אַ מורא, אָבער מיר האָבן פאַר אים געהאַט רעספּעקט. פון צייט צו צייט פלעגט ער אונדז לאָזן פילן דעם טעם פון זיינע ביינערדיקע הענט און פונעם קאַנטשיק. נו, צו דעם זענען מיר שוין געווען צוגעוווינט פון יענער צייט ווען מיר האָבן געלערנטביים „יורש", דער דרדקי־מלמד פון דעם שטעטל.

געהאַט האָט דאָס שטעטל עטלעכע מלמדים פון דער זעלבער קאַ־טעגאָריע וואָס בעריש מלמד, אָבער ער האָט געשמט אַלס איינער פון די בעסטע מלמדים. ער איז אויך געווען אַ שטיק פרוש און זיך נישט געמישט אין קיין קהלשע געשעפטן. פון צייט צו צייט, פלעגט ער ליב האָבן צו זיצן אין דער „רויטער קלויז", ווו ער האָט געדאַוונט, און אַריינקוקן אין אַ ספר. ער האָט געהאַט אַ זון מיט אַ טאָכטער און איז געווען אַן אַלמן. דעם זון האָט ער געמאַכט פאַר אַ „פריקאַזטשיק" אין אַ שניט־קראָם און די טאָכטער — פעסיע האָט זי געהייסן — האָט געליטן פון מוראדיקע עפּילעפּסיע־אָנפאַלן און ער האָט שטאַרק געליטן פון איר.

לויט מיינע היינטיקע באַגריפן, האָט בעריש מלמד געליטן פון אַ טיפער מעלאַנכאָליע. איך קאָן מיך ניט דערמאָנען אַז איך זאָל אים ווען עס איז געווען זען אַ שמייכל־טוּן. געלערנט מיט אונדז האָט ער אָרנטלעך און געוויסנהאַפט און סרובמאָל פלעגט ער אַפילו אַרויסווייזן אַ געוויסע התפעלות ביים לערנען, איבערהויפּט ווען מיר האָבן געלערנט די לעגענדעס פונעם תנ"ך. ביז היינט צו טאָג קלינגט מיר אין די אויערן דער טרויעריק־ליריי־

שׂער ניגון מיט וועלכן ער פלעגט מיט אונדז אויסזינגען דעם באַרימטן פסוק פון פרשה ויחי „ואני, בבאי מפדן, מתה עלי רחל בארץ כנען בדרך בעוד עלי כברת דרך ארץ לבא אפרתה ואקברה שם בדרך אפרת היא בית לחם", ווען יעקב בענטשט יוספס קינדער אפרים און מנשה. רש"י, ווי באַוווּסט, טייטשט אויס די דאָזיקע ווערטער ווי דעם אויסדרוק פון געווויסנסביסן וואָס יעקב האָט געהאַט פאַרוואָס ער פאָדערט ביי יוספן אים מקבר צו זיין אין כנען, דאַן ווען ער האָט זיין מוטער רחל באַגראָבן אויפן וועג, ווען עס האָט בלויז געפעלט אַ תחום־שבת פון בית־לחם.

ווייזט אויס אַז בעריש מלמד האָט אין דעם דאָזיקן פסוק דערפילט זיין אייגענע דראַמע, ווען ער האָט מיט אונדז געלערנט די פרשה ויחי און דער־פאַר פלעגט ער מיט אַזויפיל טרויער אויסזינגען מיט אונדז דעם באַרימטן פירוש פון רש"י: „און ווען נבוזראדן האָט פאַרטריבן די ייִדן אין גלות אַריין און זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם קבר־רחל, איז די מוטער רחל אַרויסגעקומען פונעם קבר און האָט מיט געוויין געבעטן רחמים אויף זיי"... אין מיין קינדערשער פאַנטאַזיע פלעג איך דאַן קלאָר זען דאָס בילד ווי די ייִדן גייען מידע און וויינענדיקע אין גלות אַריין און בעריש מלמד האָט מיר אויסגעזען ווי איינער, וואָס איז בפועל־ממש בייגעווען ווען יעקב האָט גע־בענטשט זיינע זין און ווען נבוזראדן האָט פאַרטריבן די ייִדן אין גלות אַריין און דערפאַר דערציילט ער עס אונדז מיט אַזויפיל איבערצייגונג און זינגט אויס מיט אַזויפיל טרויער דעם ניגון פון יענע געשעענישן.

בעריש מלמד איז אָן שום ספק געווען אַ טראַגישער מענטש, לויט דעם איינזאַמען לעבן און לויט די יסורים וואָס ער האָט דורכגעלעבט. דערמאָ־נענדיק זיך אין יענער צייט ווען איך האָב ביי אים געלערנט, קאָן איך בשום אופן נישט באַנעמען פונוואַנען דער דאָזיקער קראַנקער און איינזאַמער מענטש האָט גענומען די געמיטלעכקייט, וועלכע מען האָט געדאַרפט האָבן אויף צו לערנען מיט קינדער פון זעקס און זיבן יאָר. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז זיין אייביקע מעלאַנכאָליע האָט אונדז נישט געקאָנט אָנשטעקן מיט קיין פריילעכער שטימונג, אָבער מיר האָבן לגבי אים נישט געהאַט קיין שלעכטע געפילן. פונקט פאַרקערט — מיר האָבן אויף אים רחמנות געהאַט, אָן דעם אַז ער זאָל עס וויסן. און דאָס דאָזיקע רחמנות האָט זיך גענומען צוליב אַ סך זאַכן און באַזונדערס צוליב איין זאַך: פעסיע.

פּעסיע איז געווען דער אומגליק פון בעריש מלמדס לעבן. אין דער צייט ווען איך האָב ביי אים געלערנט, איז ער געווען אַ מענטש אין די פופציקער, אָבער אויסגעזען האָט ער ווי אַ זקן פון אַכציק יאָר, דאַר, געל און איינגעשרומפּן. געגומען האָט זיך דאָס פון פאַרשידענע קראַנקייטן פון וועלכע ער האָט געליטן, אָבער די הויפּט־סיבה איז געווען פּעסיע מיט אירע אָנפאַלן פון עפּילעפּסיע, וואָס פלעגן אים מקצר ימים זיין. ווען עס פלעגט מיט איר פּאַסירן, האָט ער איבערגעוואַרט ביז עס זענען איר איבערגעגאַנגען די קאָנוווּלסיעס, פלעגט זי מיט גרויס אָנשטרענגונג אויפהייבן און זי אַריינ־פירן אין אַלקער אַריין און אַרויסקומען פון דאָרט נאָך מער איינגעבויגן ווי ער איז געווען און — ווי אַ פאַרשעמטער. מיט אַ ווײלע שפּעטער, פלעגט זי אַליין, פּעסיע, אַרויסקומען פונעם אַלקער, שנעל פאַרביילויפן דאָס צימער ווי מיר האָבן געלערנט און זיך שעמען קוקן אין אונדזער זייט אַריין. מיר, קינדער, פלעגן פון דער סצענע בלייבן איבערגעשראָקענע, עס פלעגט אין אונדז אויף לאַנג דערשטיקן דעם קינדערשן דראַנג צו שטיפן, גלייך ווי מיר וואָלטן אינסטינקטיוו דערפילט דעם טיפן זין פון דער דאָזיקער פאַמיליע־טראַגעדיע פון אונדזער רבין.

איינמאָל — און דער דאָזיקער עפּיזאָד האָט זיך מיר טיף איינגעקריצט אין זכרון — האָט פּעסיע באַקומען דעם אָנפאַל בעת זי איז געקראָכן אויפן בוידעם. זי איז אַראָפּגעפאַלן פונעם לייטער און זיך שטאַרק צעקלאַפּט. דער פאָטער האָט זי דערנאָך אַריינגעפירט אַ צעבלוטיקטע אין אַלקער אַריין און דאָסמאָל איז זי שוין נישט אַרויסגעקומען אַזוי גיך. זי איז דערנאָך עטלעכע טעג אַרומגעגאַנגען מיט די סימנים פון ביילן און ווונדן וואָס דער דאָזיקער אָנפאַל האָט איר געלאָזט. מיר האָבן קיינמאָל נישט געהערט אַז דער פאָטער זאָל זיך אויף איר בייזערן אָדער מאַכן וועלכן עס איז פאָרוווּרף פאַר די ליידן וואָס זי האָט אים פאַרשאַפט. ער האָט איר און זיין אומגליק איבער־געטראָגן מיט אַ מערקווירדיקער איבערישער רויִקייט, וועלכע מיר קינדער האָבן מיטן שכל נישט געקאָנט באַנעמען, אָבער אין אונדזערע יונגע הערצ־לעך האָבן מיר עס טיף געפילט.

ביי בעריש מלמד האָב איך אָנגעהויבן לערנען ביינאַכט, ווינטער־צייט. מנחה־צייט, פלעגט ער אַוועקגיין אין דער „רויטער קלויז" וואָס האָט זיך געפונען נאָענט פון זיין שטוב און זיך אומגעקערט נאָך מעריב, ווען איינ־

דרויסן איז שוין געווען גוט פינצטער. מיר, די תלמידים, פלעגן בלייבן זיצן אין דער פינצטער, ווייל פעסיע האָט נישט געוואָגט אָנצוצינדן דעם לאָמפּ אָן דעם פּאָטערס דערלויבעניש, אַ לאָמפּ וואָס האָט אָנגעצונדענערהייט אויך ווייניק וואָס געלויכטן, אַזוי פאַרויכערט איז ער געווען. דאָס איז געווען די איינציקע הפסקה וואָס מיר האָבן געהאַט — אויסער דער צייט וואָס מיר זענען געגאַנגען עסן אָנבייסן — אין דעם סדר פון לערנען.

בעריש פלעגט פונעם דאַווענען קומען ווי שטענדיק, אַ פאַרטראַכטער, אָבער אַ מער־אויפגעלייגטער. דאָס דאַווענען גופא און דאָס קומען אין קאָנטאַקט מיט נאָך ייִדן, פלעגט אים עטוואָס אַרויסשלאָגן פון זיין אייביקער עצבות. דאָס לערנען פלעגט דאַן באַקומען אַ מערקווירדיק התלהבותדיקן אימפּעט. אונטער דעם אָרעמען ליכט פון דעם נאַפט־לאָמפּ וואָס האָט אַראָפּגעהאנגען פון דער סטעליע און אַרומגערינגלט פון דער אַרומיקער פינצטערניש, האָבן מיר זיך געפילט ווי אָפּגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט. די לעגענדעס פונעם תנ״ך, וועלכע מיר פלעגן לערנען אין די ווינטערנעכט, האָבן אונדז פאַרטראָגן אין ווייטע פאַרכישופטע וועלטן אַריין, וואָס האָבן אין אונדזער דמיון באַקומען אַ רעאַלן אויסזען, ווי גלייך זיי וואָלטן געווען ווירקלעכע טיילן פון אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן. מיר האָבן טיף איבערגעלעבט די דראַמעס פון די העלדן וואָס טרעטן אויף אין דעם דאָזיקן מערקווירדיקן ספר, מיר האָבן ממש געפילט דעם ווייטיק פונעם קנעכט וועמען מען שטעכט דאָס אויער־לעפל מיט אַן אָל, דערפאַר וואָס ער וויל זיך נישט באַפרייען און מיר האָבן געפילט דעם רויך פונעם קרבן־עולה, וואָס דער כוהן־גדול האָט מקריב געווען אין משכן און דערנאָך אין בית־המקדש. בעריש אַליין האָט אין די דאָזיקע מעשיות פונקט אַזוי נאַיִוו געגלויבט ווי מיר און דערפאַר איז פאַר אונדז אויסגעקומען אַז נישט ער לערנט אונדז, נאָר ער לערנט צוזאַמען מיט אונדז. דער דאָזיקער פאַר דער צייט פאַרעלטערטער און קראַנקער מענטש איז געווען איינער פון אונדז, הגם מיר האָבן קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו פילן זיין אויטאָריטעט איבער אונדז.

ביי בעריש מלמד האָב איך מיך אויסגעלערנט דאַווענען און ליב האָבן דעם תנ״ך. שפּעטער מיט יאָרן האָבן אַנדערע געשעענישן און השפּעות מיך „קאַליע געמאַכט” און איך האָב אויפגעהערט צו דאַווענען. דעם תנ״ך האָב

פאַליק לערנער

איך אָבער קיינמאָל נישט אויפגעהערט ליב צו האָבן און אַריינקוקן אין אים. שטענדיק געפֿין איך אין אים עפּעס וואָס איז פֿאַר מיר פֿריש און ניי, כאָטש ער איז מיר שוין אַזוי גוט באַקאַנט. און שטענדיק ווען איך קוק אַריין אין תנך, האָב איך ליב זיך אַריבערצוטראָגן צו יענע צייטן, ווען איך האָב געלערנט ביי בעריש מלמד, ווען איך זע מיט זיין מעלאַנכאָליש, קרענקלעך פּנים און איינגעהויקערטן גוף, ווי אַן אויסנאָם אין דער בעסאַ־ראַבער סביבה, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע געזונטע ערדישע ייִדן, וואָס האָבן געוווּסט ווי צו זיין אַ טייל פֿון דער נאַטור וואָס האָט זיי אַרומגערינגלט.

# יאַנקל בראַנעס

אויב דאָס שטעטל האָט געהאַט וועלכע איז שייכות מיט מעכאַניק, איז דאָס געווען דורך יאַנקל בראַנעס (בריינעס). יאַנקל האָט געהאַט דעם אומ־אָפיציעלן מאָנאָפּאָל אויף אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט מאַשינען. זיינע דרעש־מאַשינען פאַר ווייץ, גערשטן, האָבער און פאַפּשויעס (מאַיס), זענען געווען אַ שם־דבר אין דער גאַנצער אומגעגנט. אַלע פּויערים האָבן געקענט דעם „זשופּוניע יאַנקו" און אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר פלעגט ער אַרומפאָרן מיט זיינע מאַשינען איבער די דערפער און באַדינען די מאָלדאַ־וואַנעס. סוף זומער נאָכן „דינעם שניט", האָט ער געדרעשט ווייץ, גערשטן, קאָרן און האָבער; און ווינטער, האָט ער מיט דער צווייטער מאַשין „געַ־קלאָפּט" פאַפּשויעס. פאַר פּורים אָבער, פלעגט יאַנקל אַוועקשטעלן אַלע זיינע מאַשינען און אָנהייבן צוגרייטן אַן אַנדער מאַשין — די מאַשין צו קנעטן מצות אויף פּסח. ביז יאָסקע בעקער האָט נישט אַראָפּגעבראַכט אַ צווייטע מאַשין און גענומען קאָנקורירן מיט אים, איז יאַנקל געווען דער איינציקער אונטערנעמער וואָס האָט באַזאָרגט דאָס גאַנצע שטעטל מיט מצות, אויסער, פאַרשטייט זיך, די פרומע, אָפּגעהיטענע יידן וואָס פלעגן אַליין באַקן „שמירה", פון דעם ווייץ וואָס זיי האָבן מיט די אייגענע הענט צוגעגרייט, באַלד נאָכן שניט און אים ספּעציעל אָפּגעמאָלן פאַר זייערע אייגענע מצות. און געווען זענען אין שטעטל אַ היבשע צאָל יידן וואָס האָבן בלויז געגעסן „שמירה", פּונקט ווי עס זענען געווען אַנדערע יידן, וואָס פלעגן זיך לאָזן אָפּבאַקן „אייעריקע" מצות, צוליב זייערע דעליקאַטע מאָגנס, וואָס האָבן נישט פאַרנומען קיין געוויינלעכע מצות.

יאַנקל בראַנעס איז געווען אַ זון פון הערש שמש, אַ ייד וואָס האָט

אויסגעזען ווי דער „משה" פון מיקעל אַנדזשעלאָ, מיט זיין לאַנגער צע־פּאַטלטער באָרד און מיט גרויע, שטרענגע אויגן וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער אַ פּאָר געדיכטע, באַפּעלערישע ברעמען. גערופן האָט מען אים יאַנקל בראַנעס לויטן נאָמען פון זיין מוטער ברײנע (אויפן בעסאַראַ־בער לשון האָט מען זיך גערופן בראַנע, מיט אַ האַרטער „אלף") און אַ צונאָמען האָט ער געהאַט: „יאַנקל מאַמעליגע". פונוואַנען עס האָט זיך צו אים גענומען דער צונאָמען, איז געווען אַ רעטעניש; אָבער אַז שטעטל גיט עמיצן אַ צונאָמען, איז — פאַרפאַלן.

געווען איז יאַנקל אַ געמיש פון אַ ייִד אַ חקרן און גוטמוטיקער מענטש. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ שטיקל למדן און ער פלעגט טאַקע ליב האָבן אַריינצוקוקן אין אַ ספר, ווען ער האָט געהאַט אַ פרייע מינוט. עס געדענקט זיך אָבער נישט אַז יאַנקל זאָל ווען עס איז געווען האָבן פרייע צייט, אויסער, נאַטירלעך, שבת און יום־טוב. שטענדיק איז ער גע־ווען פאַרנומען, געהאַט צו טאָן מיט זיינע מאַשינען, וואָס זענען געשטאַנען ביי אים אין הויף אָדער אין „מאַגאַזאָן" (סאַראַי, גאַלפּאָן), ווו עס זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אַלטע ריזיקע צאָנרעדער, מיט אויסגעבראָכענע ציין, לעדערנע פּאַסן, פאַרלאַטעטע געשפּאַנען פון זיינע פערד, וואָס האָבן גע־שלעפּט דעם „פּערעוואָד", אויסגעשטשערבטע העק, ענגלישע שליסלען, אייזערנע האַמערס, הילצערנע דובינעס, שלייעס מיט איבערגריסענע שטריק, וואָס האָבן שוין צו גאָרנישט געטויגט, איבערגעבראָכענע האָר־כּשיקעס, דישעלעס פון וועגענער און מאַשינען, פּעסלעך מיט „זאמאסקע", פאַרזשאַווערטע קייטן און אַנדערע מכשירים וואָס ער האָט געדאַרפט האָבן צו זיין פּראַפּעסיע. און אַלץ וואָס איז דאָרט געליגן איז געווען אַזוי אַלט, גלייך מען וואָלט עס דאָרט געוווען איבערגעלאָזט מיט הונדערטער יאָרן צוריק, פול מיט שטויב און אייל, מיט וועלכע יאַנקל האָט געשמירט זיינע מאַשינעס, באַזונדערס מיט „זאמאסקע", וואָס ער האָט באַנוצט צום „פּע־רעוואָד", מיט וועלכן ער האָט באַוועגט די מאַשינען.

יאַנקל אַליין האָט אויסגעזען ווי אַ טייל פון זיינע מאַשינען. שטענ־דיק איז ער אַרומגעגאַנגען מיט זיין גרויען פורעסינענעם כאַלאַט, אַ פאַר־ריסטער און אויסגעשמירטער. די לאַנגע באָרד זיינע, וואָס האָט אַריינ־געוואָרפן אין טונקל־געל, איז פון דעם אָנגעקליבענעם שטויב שטענדיק

געווען ווי אָנגעקרויזט און געהאַנגען אַ צעפּאַטלטע מיט אירע ווי ספּע־ציעל־געמאַכטע לאָקן. בלויז אויף שבת און יום־טוב פלעגט ער זי גוט אויסוואַשן און אויסקעמען און זי האָט דאַן באַקומען אינגאַנצן אַן אַנדער אויסזען. עס איז אויסגעקומען ווי ער וואָלט געהאַט צוויי באַזונדערע בערד, יאַנקל, איינע אויף אינדערוואָכן און אַ צווייטע אויף שבת און יום־טוב. אַז עד האָט אויך געהאַט צוויי נשמות, איינע אַ וואָכעדיקע און איינע אַ יום־טובדיקע — דאָס האָט מען גלייך געקאָנט דערקענען פון דעם אופן ווי ער איז שבת און יום־טוב געגאַנגען פון דער שיל, מיטן טלית־זעקל אונטערן אָרעם, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער טוכענער קאַפּאָטע, וואָס ער האָט געהאַט נאָך פון דער חתונה. שבת און יום־טוב האָט נישט נאָר יאַנקל גערוט, נאָר עס האָבן אויך גערוט זיינע מאַשינען. פון זיינע פערד וואָס האָבן אייביק געשלעפּט דעם „פערעוואָז״ איז דאָך אָפּגערעדט אַז זיי האָבן אויסגערוט זייערע פאַרמאַטערטע גלידער און פאַרדרייטע קעפּ פון שטענ־דיק דרייען זיך אין אומקרייז.

יאַנקלס „פערעוואָד״, מיט זיינע דריי גראָבע און לאַנגע דישעלעס, איז געווען די טרייבקראַפט מיט וועלכע ער האָט געדרייט זיינע מאַשינען, אָבער פאַר אונדז קליינוואַרג איז ער געווען אַן אמתער אוצר אויף צו שפּילן זיך. קודם־כל האָט מען אויף די דאָזיקע דישעלעס זיך געקאָנט הוידען און מאַכן פאַרשידענע קונצן און אַפילו דורכגיין איבער דעם גאַנצן דישעל ווי אַ פּאָקוסניק אין אַ צירק. אָבער דאָס סאַמע גרעסטע פאַרגעניגן איז געווען דאָס דרייען זיך מיטן „פערעוואָד״ ווי מיט אַ קאַרוסעל, ווען יאַנקל האָט פאַרגעסן צו פאַרבינדן אים מיט דער קייט. דרייען זיך מיט דער דאָזיקער מגושמדיקער מאַשין, פלעגן מיר לויט דער ריי; מיר פלעגן דאָס מאַכן לויט אַ סדר און לויט פעסט־איינגעשטעלטע תקנות: איינמאָל האָט איין טייל פון דער חברה זיך איינגעשפּאַנט אין די דישעלעס און געדרייט דעם „פערעוואָד״ און דער צווייטער טייל איז געזעסן אויפן טשוהונענעם קאָרפּוס און געקאָמאַנדעוועט און — דערנאָך האָבן זיך גע־ביטן די ראָלן: די אַנדערע האָבן געדרייט דעם „פערעוואָד״ און די ערשטע זענען געזעסן און געקאָמאַנדעוועט.

נישט אַזוי גרינג איז אונדז אָבער אָנגעקומען צו דרייען זיך אויף יאַנקלס „פערעוואָד״. קודם־כל, ווייל יאַנקל אַליין האָט אונדז נישט גע־

לאָזט; און צווייטנס, ווייל אונדזערע מאַמעס האָבן איינגעלייגט וועלטן, ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט אַז מיר גייען זיך דרייען. און סיבות האָבן זיי געהאַט גאַנץ וואָגיקע נישט צו לאָזן אונדז. דער „פּערעוואָד" האָט געהאַט מעכטיקע צאָנרעדער און אַז אַך און ווי איז געווען צו דעם, וועמען אַזאַ ראָד האָט אַריינגעכאַפּט אַ האַנט אָדער אַ פוס. צווייטנס, איז דער „פּערע־וואָד" געווען פול מיט „זאַמאַסקע" און ווי מיר זאָלן זיך נישט געווען היטן, זענען מיר אַהיימגעקומען אויסגעשמירטע און פאַרפּלעקטע, אַז מען האָט אונדז קוים געקאָנט דערדרייניקן. אויף אַלע בייזע רוחות זאָל נאָר פאַלן דאָס וואָס אונדזערע מאַמעס האָבן דעמאָלט אָנגעווינטשעוועט יאַנקלס „פּערעוואָד".

לויט זיין אויסזען און הנהגה, איז יאַנקל בראַנעס געווען ווי אַלע אַנדערע יידן פונעם שטעטל, אָבער לויט דער פּראָפעסיע איז ער געווען אַן אויסנאַם. ער האָט געהאַט אין זיך עפּעס פון אַ פּיאָנער אויפן געביט פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין אונדזערע קאַנטן. די ערשטע טרייבקראַפט פון זיינע מאַשינען, זענען געווען אַזעלכע לייטערס מיט באַוועגלעכע טרעפּ, וועלכע ער האָט באַוועגט מיט בלינדע פערד, וואָס זענען אייביק געקראָכן אויף זיי און נישט גע־וווּסט אַז זיי קומען אינערגעץ נישט אָן. דער „פּערעוואָד" איז שוין געווען אַ וויטערדיקער עטאַפּ אין יאַנקלס מעכאַנישער טרייבקראַפט און דערנאָך האָט ער געחלומט פון אַ „פּאַראָוויק" אָדער פון אַ נאַפט־מאָטאָר. ער האָט אָבער זיין חלום נישט דערגרייכט. עס איז געווען איבער זיינע עקאָנאָ־מישע כוחות. יאַנקל בראַנעס, הגם ער האָט שטענדיק געהאָרעוועט, איז פון זיינע מאַשינעס קיינמאָל קיין גביר נישט געוואָרן. מער ווי אויף אַ „פּערעוואָד" האָט עס דערווייל נישט געסטייעט.

***

אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר איז יאַנקלס מאַשינאָווע פּראָפעסיע געווען אַן אַלגעמיינע, אַזוי צו זאָגן. ער האָט געדרעשט ווייץ, גערשטן, האָבער און קאָרן און „געקלאַפּט" פּאַפּושויעס, פאַר יידן און פאַר גויים, אָן אויסנאַם. עס פלעגט אָבער קומען אַ מאָמענט, ווען די דאָזיקע פּראָפעסיע זיינע איז

געוואָרן אַן אויסשליסלעך ייִדישע: דאָס איז געווען ערב פּסח, ווען יאַנקל האָט אָפּגעגעבן זיינע מעכאַנישע קענטעניש אַ ריין־ייִדישער זאַך: באַקן מצות. ער פלעגט אָוועקשטעלן אַלע זיינע אַנדערע מאַשינען אין אַ זייט און אַרויסנעמען די מכשירים וואָס ער האָט געהאַט ליגן ערגעץ אויפן בוידעם, ווו מען פלעגט האַלטן דאָס פּסחדיקע געפעס. דער פאָטער זיינער, הערש שמש, וואָס איז פון פאַך געווען אַ שטיקל מוליער, פלעגט אים צורעכט־מאַכן דעם אויוון, ער פלעגט אויסקאַלכן די בעקעריי וואָס ער האָט געהאַט הינטער דער שטוב, אָוועקשטעלן די קנעט־מאַשין, מיט וועלכער מען האָט געצויגן די „מערעס" און עס האָט זיך אָנגעהויבן די הייליקע עבודה פון באַקן מצות פאַר ייִדן לכבוד פּסח.

יאַנקל בראַנעס האָט געוווינט די דריטע שטוב פון אונדז און איינס פון מיינע בעסטע פאַרגעניגנס קינדווייז איז געווען אַריינצוכאַפּן צו אים אין בעקעריי אַריין און זען ווי מען באַקט מצות. און אַריינקומען אין דער שטוב ווו מען האָט געבאַקן מצות איז גאָרנישט געווען אַזוי גרינג ווי עס קאָן זיך אויסווייזן. מילא, מיט יאַנקלען אַליין האָט מען ווי עס איז גע־קאָנט דורכקומען, ווייל ער איז בטבע געווען אַ גוטער און ער פלעגט מיך אַריינלאָזן. שלעכט איז געווען ווען דער אַלטער הערש שמש, זיין פאָטער, איז דאָרט געווען. ביי אים איז געווען שווער צו פועלן און זיין פּסק־דין איז שטענדיק געווען דער זעלבער: מען טאָר נישט! איך האָב אָבער שטענדיק געהאַט מיינע פאָרטלען אויף אַריינצוקומען אַהין. באַזונ־דערס האָב איך עס געפועלט דורך דעם, וואָס איך פלעג העלפן דרייען דאָס ראָד פון דער קנייט־מאַשין אָדער צוטראָגן די מצות אויף אַ לאַנגן שטעקן צום אויוון און זיי איבערגעבן יאַנקל „דער מעכלקעס", אַ קליינ־ווקסיקער ייִד, וועלכער איז געווען דער אייביקער „שיבער" ביי יאַנקל בראַנעס. איך פלעג באַוווּנדערן די פלינקייט פון דעם דאָזיקן זייער שוואַכן ייִדן, ווי ער איז געשטאַנען אין הוילן „ארבע כנפות" און אַ גאַנצן טאָג, אָן אויפהער, איינגעזעצט און אַרויסגענומען די מצות פונעם אויוון, ווו עס האָט טאָג און נאַכט געברענט אַ העליש פייער. געאַרבעט האָט מען ביי יאַנקלען אין צוויי שיכטן, טאָג און נאַכט, מיטן אויסנאַם פון שבת, נאַ־טירלעך.

דאָסמאָל איז יאַנקל שוין נישט אַרומגעגאַנגען קיין פאַרשמירטער מיט

„זאמאסקע״, נאָר אַ פּאַרמעליקטער. דאָס איז געווען גאָר אַן אַנדער יאַנקל, עפּעס אַן ערב פּסחדיקער. די וואָכעדיקייט פון זיינע דרעש־מאַשינעס איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַ פּאָר חדשים און יאַנקל האָט אויף זיך אַרויפּ־געצויגן דעם הייליקן חוב פון צוגרייטן כשרע מצות פאַר די שטעטלדיקע ייִדן. אַלע צימערן פון זיין גרויסער שטוב זענען געכשרט געוואָרן און האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין לאַגערן, ווו מען האָט אָפּגעלייגט מצות ביז צו דער סטעליע. מען האָט בלויז געלאָזט פאַר זיך אַן אַלקער, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם עק פון דער שטוב און דאָס איבעריקע איז אָפּגעגעבן גע־וואָרן פאַר די מצות. רחל, יאַנקלס פרוי, האָט זיך אין משך פון דער דאָ־זיקער צייט אַרומגעדרייט ווי איינע, וועלכע מען האָט ביגוואַלד באַזייטיקט פון דער באַלעבאַטישקייט.

ערב פּסח איז ביי יאַנקלען אין שטוב געווען אַ „יאַריד״. ייִדן פונעם שטעטל פלעגן קומען קויפן מצות און דער משא־ומתן איז אָנגעגאַנגען נישט אַזוי איבערן פּרייז, ווי איבער די מצות. יעדער איינער האָט געוואָלט אַז מען זאָל אים געבן גאַנצע מצות און דאָס איז אומעגלעך געווען, ווייל ווען ער וואָלט יעדן צופרידנגעשטעלט, וואָלט ער געבליבן מיט אַ העלפט פון די מצות וואָס ער האָט אָנגעבאַקן. איז טאַקע די צייט פון ערב פּסח געווען די איינציקע צייט ווען מען האָט יאַנקלען געקאָנט זען אַן אויפגערעגטן, ווייל בטבע איז ער געווען אַ גוטמוטיקער מענטש. וואָס שייך מיר, האָב איך געהאַט גרויס מיטלייד מיט יאַנקלען, ווען איך פלעג זען ווי ער האָט זיך אויפגערעגט און מיין קינדיש הערצל פלעגט ממש ציטערן פאַר מורא אַז יאַנקל זאָל חלילה נישט בלייבן מיט די אָנגעבאַקענע מצות, אויב אַלע וועלן נאָר וועלן גאַנצע מצות. עס פלעגט אָבער נישט פּאַסירן; גיכער פלעגט געשען, אַז אין די סאַמע לעצטע טעג האָט יאַנקל געדאַרפט פאַר־שטאַרקן די פּראָדוקציע, ווייל ייִדן פלעגן זיך אַ לאָז־טון אין לעצטן מאָ־מענט און מען האָט אים אויסגעליידיקט אַלע צימערן. אויך די ייִדן וואָס האָבן געוווינט אין די אַרומיקע דערפער, פלעגן זיך באַזאָרגן מיט מצות אויף פּסח און לעבן יאַנקלס שטוב איז אָפטמאָל געווען אַ געזעמל פון דאָרפישע פורן.

אין משך פון די פּסח־טעג, פלעגט יאַנקלס מצה־בעקעריי בלייבן שטיין אַ פּוסטע און אויסגעליידיקטע פון דעם טומל און נאָך פּסח האָט ער

צעשרויפט די קנייט־מאַשין, צענומען די וואַלגער טאפטשאַנעס, אויפגע־קליבן די קאָטשערעס, שטאַנגען און לאָפּעטעס און זיי צוריק אָפּגעלייגט ערגעץ אויפן בוידעם, ביז איבער אַ יאָר. ווידער האָט זיך פּאַר יאַנקלען אָנגעהויבן דער סעזאָן פון די מאַשינען מיט וועלכע ער האָט אַרומגעוואַנ־דערט איבער די דערפער, געדרעשט ווייץ, גערשטן, האָבער און קאָרן און „געקלאָפּט" פּאַפּושויעס.

# די צוויי כּאַסקלס

געוועזן זענען אין שטעטל צוויי באַלעגאַלעס און ביידע האָבן זיי גע־הייסן כּאַסקל. איינעם האָט מען גערופן דער „אַלטער כּאַסקל" און דעם צווייטן בלויז ביים נאָמען — כּאַסקל. די צוויי כּאַסקלס זענען געווען אַזוי אַנדערש אין זייער אויסזען און אין זייער הנהגה, ווי טאָג און נאַכט. ביז עס זענען צוגעקומען נאָך באַלעגאַלעס, זענען זיי געווען די איינציקע וואָס האָבן פאַרבונדן דאָס שטעטל מיט דער „גרויסער וועלט".

דער אַלטער כּאַסקל איז געווען אַ קליינגעוויקסיק יידל מיט אַ טונ־קעלן פּנים וואָס איז געווען צעאַקערט פון ווינטן און זאַווערוכעס און אַרומגערעמלט מיט אַ מיטלמעסיקער ווייסער באָרד. זומער און ווינטער האָט ער געטראָגן שטיוול. די באָרד און די וואָנצעס זענען ביי אים געווען פאַרברוינט פונעם רויכערן און פון שמעקן טאַבעקע. ער איז געווען אַ שטילער ייד וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ באַלעבאַטישן שטעל און קיינמאָל האָט מען פון אים נישט געהערט קיין זידל־ווערטער אָדער ניבול־פּה, ווי עס איז געווען דער שטייגער מיט אַנדערע באַלעגאַלעס, ביי וועמען די „געבלימלטע שפּראַך" איז געווען אַ טייל פון זייער רעקוויזיט. אין די שבתים און אויך אין וואָכנטעג פלעגט מען אים זען גיין אַ סטאַטעטשנעם מיטן טלית־זעקל אונטערן אָרעם אין שיל אַריין און מען האָט אים גע־האַלטן פאַר אַ חשובן באַלעבאָס פונעם שטעטל. ער האָט נישט געהאַט קיין קינדער.

דער צווייטער כּאַסקל איז, סיי לויטן אויסזען און סיי לויטן אויפ־פירן זיך, געווען פונקט דער היפּוך פונעם אַלטן כּאַסקל. קיין גאָר הויכער איז ער נישט געווען, אָבער ער איז געווען דיק, מיט אַ גרויסן, אויפגע־

בלאָזענעם בויך, אַ געגאָלט פּנים מיט אַ פּאָר געדיכטע פאַרשפּיצטע וואָנ־צעס, וועלכע ער פלעגט שטענדיק פאַרשאָרן און פאַרדרייען. ער פלעגט ליב האָבן אַ גוטן ביסן און פאַרטרינקען מיט אַ גלאָז וויין. זייער אָפט האָט מען אים געזען בגילופנדיק, אָבער צו קיין הפקרדיקער שיכּרות, איז דאָס ביי אים קיינמאָל נישט געקומען. די פערד זיינע זענען שטענדיק געשטאַנען „אויף האָבער" און זענען געווען קיילעכדיק און אויסגעגלעט. מיט די „פאַרשוינען" (פּאַסאַזשירן) פלעגט ער זיך באַגיין שטרענג אָבער קאָרעקט. אין זיין באַלעגאָליש וועלטל האָט ער זיך געפירט מעשה־דיק־טאַטאָר און ער פלעגט די דאָזיקע מאַכט זיינע אָנווענדן שטרענג, אָבער אויך מיט טאַקט, ווי מען האָט געדאַרפט. נישט געווען קיין נאַרישער מענטש כאַסקל באַלעגאָלע, געוווּסט ווי איין און ווי אויס. ער האָט גע־וווּסט ווי אָנצוווענדן זיין פולן באַלעגאָלישן טעמפּעראַמענט, מיט וועלכן ער איז געווען געבענטשט, און געוווּסט וווּ מען דאַרף זיין באַלעבאַטיש און אָנשטענדיק.

אין דער יוגנט האָט כאַסקל געאַרבעט אַלס אָנטרייבער ביים אַלטן כאַסקל באַלעגאָלע און ער האָט צו אים געפילט אַ מין רעספּעקט ווי מען פילט צו אַן אַלטן רבין. הגם ער האָט אין דער באַלעגאָלישער פּראָפעסיע ווייט איבערגעשטיגן זיין געוועזענעם באַלעבאָס און רבין, פלעגט ער זיך צו אים באַציִען ווי צו אַן אויטאָריטעט און זיך האַלטן מיט אים אַן עצה, ווען ער איז וועגן עפּעס געווען אין ספק. איבערהויפּט האָט ער זיך ביי אים שואל־עצה געווען, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן קויפן אַ פערד, אויף וועלכן דער אַלטער כאַסקל איז געווען אַ גרויסער מבין. געװנג געווען אַז דער אַלטער כאַסקל זאָל עפענען דעם פערד דאָס מויל, אים באַטראַכטן די ציין, אים פאַרהייבן דעם עק און באַטראַכטן דאָרט וווּ מען דאַרף, אַ גלעט טון איבערן רוקן און אַ פּעטשל טון אונטערן בויך, אַז ער זאָל וויסן וואָס פאַר אַ סחורה דאָס איז. פלעגט טאַקע כאַסקל באַלעגאָלע זיך האַלטן אַן עצה מיטן אַלטן כאַסקל, ווען ער האָט געדאַרפט קויפן אַ פערד און ער האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגענאַרט. דער אַלטער כאַסקל איז אויך געווען אַ גרויסער מומחה אין היילן פערד און כאַסקל דער עלישקעס, ווי מען האָט אים גערופן אויף זיין מאַמעס נאָמען, האָט פון אים איבערגענומען די דאָזיקע קונסט און האָט אים איבערגעשטיגן. איז ביי עמיצן קראַנק געוואָרן

אַ פערד און מען האָט אים געדאַרפט „נעמען בלוט", איז מען געקומען צו כאַסקלען, וועלכער פלעגט עס מאַכן גאַנץ אומזיסט. ער איז געווען אַן אמתער קינסטלער אויף צו „נעמען בלוט" ביי פערד און אַפילו פויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן קומען צו אים היילן זייערע פערד. ער האָט געוווּסט ווען מען דאַרף אַ פערד איינגעבן אַן אָפּפיר־מיטל און ווי אַזוי מען דאַרף עס איינגעבן און קיינמאָל האָט ער קיין געלט נישט גענומען. ייִדן פלעגן אָפּקומען מיט אָנווינטשעווען אים „ס'אייביקע גן־עדן" און גויים פלעגן אים ברענגען מתנות.

ווען כאַסקל דער עלישקעס איז געוואָרן באַלעגאָלע פאַר זיך, איז דער אַלטער כאַסקל שוין געווען אַן אַלטער, יאַדישליווע ייִד וואָס האָט אין אַ קורצער צייט אַרום אויפגעגעבן די פּראָפעסיע — געוואָרן אויס באַלעגאָלע. מען פלעגט אים דאַן זען זיך אַרומדרייען אַ שטילשווייגנדיקן מיטן שטעקן איבערן שטעטלשן מאַרק, אויפקויפנדיק עפּעס ביי זיינע באַקאַנטע פויערים. דער הויפּט־דיקטאַטאָר פון די קאָמוניקאַציעס צווישן דעם שטעטל מיט דער „גרויסער וועלט" איז איצט געבליבן כאַסקל באַלעגאָלע אָדער כאַסקל דער עלישקעס, וועלכער האָט אָנגעהויבן איינפירן רעפאָרמען און אויסבעטערונגען אין דער פּראָפעסיע. דער אַלטער כאַסקל איז ווייטער פון אַ פּראָסטן וואָגן אַן רעסאָרן נישט געגאַנגען. כאַסקל איז געווען דער ערשטער וואָס האָט איינגעפירט אַ בריטשקע אויף רעסאָרן מיט באַקוועמע ווייכע געזעסן און שפּעטער האָט ער איינגעפירט דעם פאַעטאָן. ער האָט ביי אַ פּריץ פון אַ נאָענטן דאָרף אָפּגעקויפט אַן אַלטן פאַעטאָן און אָנגעהויבן פירן פּאַסאַזשירן מיט אים. לכתחילה האָט ער דעם פאַעטאָן באַנוצט בלויז פאַר קורצע שטרעקעס, אָבער מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַ טאָג־טעגלעך פאַרקער־מיטל. מיטן איינפירן דעם פאַעטאָן, האָט זיך, אַזוי צו זאָגן, געהויבן דער „ניוואָ" פון די שטעטלשע קאָמוניקאַציעס. דאָס פאַרדינסט אין דעם זין איז אויסשליסלעך געווען כאַסקלס און ער האָט וועגן דעם געהאַט דעם פולן באַוווּסטזיין און נאָך מער פאַרשטאַרקט די אויטאָריטעט פון אַ קאָמוניקאַציע־מייסטער פונעם שטעטל.

לויט אונדזערע היינטיקע באַגריפן, זענען די שטרעקעס פון אונדזערע שטעטלשע באַלעגאָלעס געווען נישטיקע, אָבער ביי יענע באַדינגונגען זענען די דאָזיקע רייזעס גאָרנישט געווען קיין קלייניקייט, איבערהויפּט

אָסיען־צייט, ווען עס האָבן זיך געשטעלט די בלאָטעס און ווינטער, אין די שניי־זאַווערוכעס. פון אונדזער שטעטל קיין סאָראָקע איז אינגאַנצן געווען 25 ווערסט, אָבער די רייזע איז גאָרנישט געווען קיין גרינגע. מען האָט געדאַרפט אַראָפּ און אַרויפפאָרן דריי בערג, יעדער איינער פון איבער אַ קילאָמעטער די לענג, פלעגט אַזאַ יאַזדע געדויערן איבער דריי שעה און אין אָסיען און ווינטער־צייט — אַ סך מער. אויף צו פאָרן קיין קאַמענקע, אַכט ווערסט פון אונדזער שטעטל, אויף דער פאָדאָליער זייט, האָט מען געדאַרפט אַראָפּפאָרן אַ הויכן באַרג, זיך אַריבערשיפן דעם דניעסטער מיט אַ פּאַראָם און ערשט דערנאָך איז דער וועג געווען גלייך קיין קאַמענקע. בדרך־כלל ,פלעגןביידע כאַסקלס פאָרן קיין סאָראָקע, קיין קאַמענקע און פעסטשאַנקע, צו דער באַן־סטאַנציע אונקיטעשט, וואָס האָט זיך געפונען 13 ווערסט פונעם שטעטל. עס פלעגט זיך אָבער מאַכן אַז מען האָט זיי געדונגען אויף צו פאָרן קיין בעלץ און אַפילו קיין קעשענעוו, די ערשטע פערציק און די צווייטע, 120 ווערסט פון אונדזער שטעטל. כאַסקל פלעגט אויך פירן פאַסאַזשירן צום און פונעם „פאַראַכאָד" וואָס איז געגאַנגען איבערן דניעסטר און זיך אָפּגעשטעלט אין דעם נאָענטן דאָרף, זאָלעשען.

ווען רומעניע האָט פאַרנומען בעסאַראַביע, איז געפאַלן די מערכה פון כאַסקל באַלעגאָלע. דער דניעסטער איז געוואָרן אַ גרעניץ און פאָדאָליע איז אָפּגעשניטן געוואָרן. קיין קאַמענקע און פעסטשאַנקע האָט מען שוין מער נישט געקאָנט פאָרן און די „פאַראַכאַדן" אויפן „נעסטר" האָבן אויך אויפ־געהערט צו גיין. כאַסקלס האָריזאָנטן האָבן זיך פאַרשמעלערט. די הויפּט־יאַזדעס זיינע זענען איצט געווען צווישן דעם שטעטל און סאָראָקע און דער באַנסטאַנציע אונקיטעשט. אַנשטאָט קיין אָדעס, וווהין עס פלעגן אַמאָל פאָרן די סוחרים פונעם שטעטל, האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאָרן קיין קע־שענעוו, יאַסי, גאַלאַץ און בוקאַרעשט, אַזוי אַז די סטאַנציע אונקיטעשט — אַ קליינע פעלד־סטאַציע„ איז געוואָרן אַ וויכטיקער פאַרקער־פונקט, נישט נאָר פון פאַסאַזשירן, נאָר אויך פון סחורות און תבואה. טאַקע אויף אָט דער סטאַנציע האָב איך געזען צום לעצטן מאָל כאַסקל באַלעגאָלע, ווען איך בין אויף אייביק אַוועקגעפאָרן פון דער אַלטער היים. ער איז געווען דער לעצטער פונעם שטעטל, מיט וועמען איך האָב מיך געזעגנט און מיר דאַכט, אַז ער איז געווען טרויעריק ווען ער האָט מיך געזען אַוועקפאָרן אין

דער פרעמד אַריין. מיר זענען געווען צו נאָענטע באַקאַנטע, אַז סיי ער און סיי איך זאָלן נישט זיין טרויעריקביים צעשיידן זיך.

כאַסקל דער עלישקעס איז געווען אונדזערער אַ שכן. מיר האָבן גע־ווינט טיר ביי טיר און זיין ווייב — סאָסיע האָט זי געהייסן — האָט זיך פאַרהאַלטן גוט מיט מיין מאַמען. זיין שטוב איז געווען אַ קלענערע פון אונדזערער, דערפאַר האָט זי אָבער געהאַט פון הינטן אַ ריזיקן הויף, ווו עס האָט זיך געפונען די שטאַל פון די פערד און אַ סאַראַי, ווו ער האָט געהאַלטן זיינע וועגענער, די געשפאַנען פון די פערד און די זאַפּאַסן פון האָבער, גערשטן, סיטשקע און היי פאַר די פערד. אין דער הינזיכט פון אָפּהיטן זיינע פערד, איז ער ממש געווען פאַרשווענדעריש, כאַסקל. יעדע פרייע מינוט וואָס ער האָט געהאַט, פלעגט ער אַוועקגעבן אויף צו וואַשן און פוצן זיי און זומער פלעגט ער זיי אָפט פירן צום „נעסטער" און באָדן זיי. ער האָט זיי אויך אָפּגעהיט פון אַ „גוט־אויג" און פון „נישט־גוטע" דורך דעם וואָס אין שטאַל ביי אים האָט שטענדיק געהאָנגען אַ טויטע וואָראָנע, וואָס איז, ווי באַוווסט, געווען אַן אויסגעפּרוווטע סגולה קעגן נישט־גוטע... ביי זיין גאַנצער „אויפגעקלערטקייט" איז כאַסקל געווען אָבערגלויבעריש און האָט געגלייבט אין זאַבאַבאָנעס. קיין צורת־אות האָט ער נישט געקענט, אָבער שבת פלעגט ער זיך אויספוצן ווי אַ יוסטער באַ־לעבאָס און גיין דאַווענען אין דער „ווייסער שיל" אַריין. גיין פלעגט כאַסקל לאַנגזאַם און זיך שאָקלען אין די זייטן אַריין, ווי אַ קאַטשקע. אין אַלגעמיין איז זיין אופן פון גיין און אַרבעטן געווען אַ לאַנגזאַמער, אָבער ביים אויפזעצן זיך אויף דער „קאָזלע" און ביים אָנטרייבן איז ער געווען מאָדנע־פלינק. ער איז געווען אויסערגעוויינלעך פּראַקטיש אין זיין פּראָ־פעסיע און די פּאַסאַזשירן האָבן געהאַט אַ בלינדן צוטרוי צו אים.

כאַסקל האָט אַ לאַנגע צייט געהאַט תרעומות קעגן דעם רבונו־של־עולם: זיין ווייב האָט אים געבוירן סאַמע מיידלעך און ער איז געווען אין דער סכנה צו בלייבן, חלילה, אָן אַ קדיש, איבער הונדערט־מיט־צוואַנציק יאָר. ענדלעך איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַ בן־זכר און דעמאָלט איז גאָר קיין גרענעץ נישט געווען צו זיין פרייד. ער האָט דעם זון זיינעם אַ נאָמען געגעבן עליע, נאָך זיין פאָטער, און גערופן האָט מען אים עליק. כאַסקל האָט דעם בן־יחיד זיינעם אָפּגעהיט ווי דאָס אויג פון קאָפּ, אים געפּרוווט

לערנען ביי די בעסטע מלמדים, אָבער עליקן האָט געצויגן צו דער „קאָזלע". סוף־כל־סוף, ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער איבערגענומען ביים פאָטער דאָס בייטשל און פלעגט שוין אַליין פאָרן קיין סאַראָקע אָדער צו דער סטאַנציע. דער המשך פון דער באַלעגאָלישער דינאַסטיע איז געווען פאַרזיכערט.

כאַסקל האָט געהאַט נאָך צוויי ברידער באַלעגאָלעס — שלמה און צבי — וועלכע האָבן אים געפּרוווט פאַרטונקלען. אָבער עס האָט זיך זיי קיינמאָל נישט איינגעגעבן. שטענדיק פלעגט צווישן די ברידער פאָרקומען קריגערייען און געשלעגן און באַלד נאָך דעם האָבן זיי זיך איבערגעבעטן און דערנאָך ווייטער זיך קריגן און שלאָגן. דאָס איז געווען אַ מין קריגערישער שבט וואָס האָט אריינגעבראַכט אַן אייגנאַרטיקן טאָן אין דער געמיטלעכקייט פונעם שטעטל. אין גרונט־געַנומען זענען זיי געווען אָרנטלעכע, האָרעפּאַשנע מענטשן, ווי אַנדערע ייִדן פונעם שטעטל, אָבער צוימען די ליידנשאַפט פון קריגן זיך אין מיטן גאַס — האָבן זיי נישט געקאָנט. אָפטמאָל איז די קריגעריי און דאָס געשלעג געווען איבער אַ קלייניקייט, אַ נאַרישקייט.

געהאַט האָט דאָס שטעטל „שיינע" ייִדן, ייִדן למדנים, ייִדן מיט יחוס־פּרעטענזיעס, וואָס זענען געווען דער מוסטער פון אָנשטענדיקייט, גבירים וועלכע מען האָט פיינט געהאַט אָבער מען האָט געהאַט אָפּשיי פאַר זייער עשירות... עס זענען סתם געווען ייִדן וואָס האָבן „ניט געטשעפּעט אַ פליג אויף דער וואַנט". די כאַסקלס זענען געווען די אויסטערלישע נאָטע אין דער דאָזיקער סביבה פון פאַטענטירטער סטאַטעטשניקייט. הגם זיי האָבן זיך פונקט ווי אַנדערע אונטערגעוואָרפן דעם דיקטאַט פון דער טראַדיציאָנעלער ייִדישקייט, געהאָרכזאַם, בלינד, האָבן זיי אָבער אין זייער הנהגה געהאַט עפּעס אַזעלכס וואָס האָט זיי אויסגעטיילט פונעם כלל. דער גוי, וואָס האָט אויף אַנדערע ייִדן געקוקט מיט אַ געוויסן ביטול, ווי אויף שוואַכלינגען, האָט אויף די כאַסקלס געקוקט מיט דרך־ארץ; זיי זענען געווען דער סימבאָל פון ייִדישער געוואַגטקייט, פון ייִדישער גבורה.

אויך זיי מיט זייער געוואַגטקייט און גבורה זענען אומגעקומען אין דער צייט פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע. צו שטאַרק און צו גרויזאַם איז געווען דער שונא, אַז זיי זאָלן אים קאָנען גובר זיין. אויך זיי, די

## אַ בעסאַראַבער שטעטל

יידישע באַלעגאָלעס, וואָס האָבן אין משך פון דורות געשפּילט די ראָלע פון די גבורים אין די יידישע שטעטלעך — און סרובמאָל העלדיש פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד — אויך זיי זענען אַוועק אַהין פונוואַנען מען קומט שוין מער ניט צוריק. ווען דער בנין פונעם יידישן שטעטל איז איינגעפאַלן, זענען זיי צוזאַמען מיט אַלע קדושים אַוועק אויפן וועג פון מאַרטירער.

# יואל פּעסטשאַנקער

יואל איז געווען אַ ייד וואָס פלעגט אַרומפאָרן אויף יאַרידים. גע־שטאַמט האָט ער פון פּעסטשאַנקע, פּאָדאָליע, אַ ווערסט 35 פון אונדזער שטעטל, אויף יענער זייט דניעסטר; אָבער ער איז מער געווען אין וועג ווי אינדערהיים. און כאָטש ער איז נישט געווען קיין תושב פון אונדזער שטעטל, איז ער ביי אונדז געווען פאַררעכנט ווי אַן אייגענער, אַ היימי־שער. שפּעטער, ווען זיינע אַ טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ בחור פונעם שטעטל, איז יואל שוין גאָר געווען ווי ביי זיך אינדערהיים, ווען ער פלעגט פאַרפאָרן מיט זיין פור און זיך צעלייגן ברייטלעך מיט זיין כחורה אויפן שטעטלשן יאַריד.

יואל איז געווען אַ ייד מיט אַ טונקל־ברוין פּנים, וואָס איז אייביק געשמיסן געוואָרן פון די ווינטן און געסמאַליעט געוואָרן פון דער זון. פון אונטער זיין דאַשעק האָבן אַלעמאָל אַרויסגעקוקט אַ פּאָר שמייכלענדיקע, לעבעדיקע אויגן, פול מיט בטחון .אַז ער האָט גערעדט מיט אייך, פלעגט ער זיך ליב האָבן צו גלעטן די באָרד, וואָס איז אין איין זייט געווען לענ־גער ווי אין דער צווייטער .ער איז שטענדיק געווען פאַרשטויבט און קיינמאָל האָט ער קיין צייט נישט געהאַט, ווי ער וואָלט זיך אייביק גע־גרייט אין וועג אַריין. הגם ער איז אין זיין באַנעמונג געווען רויק און געמיטלעך, האָט עס פון אים שטענדיק ווי אַרויסגעפלאַמט דער רייזע־פּיבער. אַ לעבן־לאַנג האָט ער אויסגעמאָסטן די וועגן פון פּאָדאָליע און בעסאַראַביע, אַריבערשיפנדיק זיך דעם „נעסטר” הין און צוריק.

געהאַנדלט האָט יואל מיט פאַרשידענע קרייטעכצער, געווירצן, גע־געלעך, לימענעס, מאַראַנצן און געטריקנטע פרוכטן. און כאָטש ער איז

שטענדיק געווען פאַרשטויבט און נישט איבעריק ריין אָנגעטאָן, האָט עס פון אים געשמעקט מיט די גוטע ריחות פון די זאַכן וואָס ער האָט פאַר־קויפט. אויפן יאַריד ביי אונדז אין שטעטל, וואָס פלעגט זיך שטעלן אַלע דינסטיק, איז יואל געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע מענטשן און דאָס פלאַץ זיינס האָט קיינער נישט געוואַגט צו פאַרנעמען. שטענדיק האָט ער זיך מיט זיין פור אָפּגעשטעלט אויף דעם זעלבן פלאַץ און באַלעבאַטיש־ברייטלעך צעשטעלט זיינע קעסטלעך, קוישן און זעק, אין וועלכע ער האָט געפירט די סחורה.

יואל פלעגט אַראָפּפאַלן אויפן יאַריד ווי פונעם הימל אַראָפּ. ער איז געווען פון די סאַמע ערשטע וואָס זענען אָנגעקומען, גלייך ער וואָלט גע־האַט אַ קפיצת־הדרך. אינדעראמתן איז דאָ נישט געשען קיין שום נס, ווייל יואל פלעגט על־פי־רוב פאָרן דורך די נעכט. אָנקומען פלעגט ער כאור, אויסשפּאַנען די פערד און זיי אָנשיטן אָבריק, אַרויסנעמען דעם טלית און תפילין און זיך אַריינכאַפּן אין דער „ווייסער שיל" אָפּצודאַווענען מיטן ערשטן מנין. נאָכן דאַווענען פלעגט ער עפּעס איבערבייסן, זיך אָנטרינקען מיט טיי וואָס ער פלעגט אויפזידן אין דעם מעשענעם בייכיקן סאַמאָוואַרל וואָס ער האָט מיט זיך שטענדיק מיטגעפירט, און דערנאָך ערשט, ווען דער יאַריד האָט זיך אָנגעהויבן צונויפפאָרן, האָט ער אַראָפּגענומען זיינע קעסטלעך, קוישן און זעק, זיי צעשטעלט לעבן דעם וואָגן, און — דער מסחר האָט זיך אָנגעהויבן.

וואָס האָט מען נישט געפונען אין יואלס קעסטלעך, קוישן און זעק? געלע מגושמדיקע לימענעס, גאָלדיק־רויטלעכע מאַראַנצן, איינגעוויקלט אין דינע קאָלירטע פּאַפּירלעך; סימעניע און מאָן אויף צו באַקן פלעצלעך, לאָרבער־בלעטער, קימל און אַלערליי נעגעלעך אויף זייערן אוגערקעס; געטריקנטע פלוימען, עפּעלעך און באַרלעך אויף צו קאָכן אַ צימעס; ראָ־זשינקעס און אַלערליי פעפערלעך און געווירצן, געפּראַזשעטע קאַבאַק־קערלעך, סאָנעשניק און פיסטאַשקעס. הערטשענע גרויפּן און רייז, ראָבע און ווייסע פאַסאָליעס און נאָיט; אַלערליי יאַגדעס און געטריקנטע שוואָ־מען. בקיצור — זאַכן פון פאַרשידענע מינים, וואָס האָבן אַלע צוזאַמען געהאַט דעם טעם פון גן־עדן און עס האָט פון זיי געשמעקט — אַ מחיה! געהאַנדלט האָט יואל לויט די אָנגענומענע מנהגים פון דער סביבה.

דאָס וואָס מען האָט געדאַרפט וועגן, האָט ער אָפּגעוויגן אויף אַ וואָגשאָל וואָס האָט געהאנגען אויף אַ גראָבן דריקל, צוגעבונדן צו דער דראָבינע פונעם וואָגן, באַנוצנדיק דערביי אַזעלכע משונהדיקע טשוהונענע געוויכט־לעך, וואָס האָבן אויסגעזען ווי קיילעכדיקע באַרלעך און זיך פאַרענדיקט אויבן מיט אַן אויערל אויף אָנצונעמען זיי. דאָס ווידער וואָס מען האָט געדאַרפט פאַרקויפן אויף דער מאָס, פלעגט ער אָפּמעסטן מיט בלעכענע קענדלעך, וואָס זענען געליגן פון אויבנאויף אין יעדן זאַק, קאַסטן אָדער קויש. די קופּערנע צענערס און דרייערס וואָס ער פלעגט אָפּלייזן פאַר דער סחורה, האָט ער אַריינגעלייגט אין אַ שוואַרצן לעדערנעם בייטל וואָס האָט ביי אים געהאָנגען אין סקאָס אויף אַ רימען איבערן אַקסל. אויב עמיצער האָט געצאָלט מיט אַ זילבערנעם טאָלער, פערציקער, אָדער גאָר מיט אַ האַלב קערבל — וואָס האָט זייער זעלטן פּאַסירט — זענען זיי געגאַנגען אין אַ באַזונדערן בייטל, וואָס יואל האָט געהאַלטן פאַרשטעקט אין אַ הינ־טערשטער בוזים־קעשענע. יואל פלעגט אויך געבן אויף באָרג. ער האָט געקענט פערזענלעך אַלע פויערים פון דער סביבה, געווען אַ היימישער מענטש אין די דערפער, ווו ער פלעגט שטענדיק פאַרבייפאָרן און אָפּט־מאָל איבערנעכטיקן.

די יאַרידים אין אונדזערע מקומות זענען געווען פילפאַרביק און עס האָט פון זיי געאָטעמט מיט פאָלקסטימלעכער פּשטות. דאָ איז געקומען צום אויסדרוק אַן אייגנאַרטיקער אופן פון פרימיטיוון לעבנסשטייגער פו־נעם פאָלק — ייִד און גוי. דער האַנדלס־אויסטויש אויף די דאָזיקע יאַרי־דים איז געווען אַן איינפאַכער, אַן אָפענער און אָן איבעריקע אומוועגן. דער מאָלדאוואַן האָט אויפן יאַריד פאַרקויפט די פּראָדוקטן פון זיין ערד־אַרבעט און האָט איינגעקויפט דאָס וואָס ער האָט נויטיק געהאַט פאַר דער באַלעבאַטישקייט. אויף די דאָזיקע יאַרידים פלעגט מען באַגעגענען פאַר־שידענע טיפּן ייִדישע סוחרים, אָבער יואל איז געווען דער איינציקער אין זיין בראַנזשע און דערפאַר איז ער איטלעכן — ייִדן און גויִם — געווען גוט באַקאַנט.

מיר, קליינע יאַטן, פלעגן ליב האָבן זיך אָפּצושטעלן ביי יואלס וואָגן און באַטראַכטן זיין סחורה. עפּעס האָט פון דעם אַלעמען געווייעט מיט אומבאַקאַנטע ווייטקייטן. זי איז געווען אַנדערש, די סחורה וואָס יואל

פעסטשאַנקער האָט פּאַרקויפט. צוליב די אויסטערלישע נעגעלעך און געווירצן, לימענעס און מאַראַנצן, זענען שוין די היימישע געטריקנטע פלוימען און עפּעלעך, די קאַבאַק־קערלעך און די ראָבע פאַסאָליעס אויף צימעס, אויך געוואָרן אַנדערש ווי די וואָס מען האָט פאַרקויפט ערגעץ אַנדערש. די נעגעלעך און געווירצן — האָט מען געשמועסט — באַציט ער פון אָדעס און אַז קיין אָדעס ברענגט מען זיי פון גאָר ווייטע לענדער, פון „קיטאַי״ (כינע) און פון אינדיע. וואָס שייך ווידער די לימענעס און מאַראַנצן וואָס יואל האָט פאַרקויפט, איז פאַר קיינעם נישט געווען קיין סוד אַז זיי שטאַמען פון ארץ־ישראל. אין מיין קינדערשער פאַנטאַזיע, האָבן די קעסטלעך אין וועלכע יואל האָט געהאַלטן די לימענעס און די מאַראַנצן אויסגעזען ווי הייליקע זאַכן און עס פלעגט מיך פאַרדריסן, ווען איך האָב געזען אַז ער האָט פון די קעסטלעך אַרויסגענומען צעפוילטע לימענעס אָדער מאַראַנצן און זיי פּשוט אַוועקגעוואָרפן. אַזאַ זאַך האָט — לויט מיין דעמאָלטדיקער השגה — זיך געפּאַסט פאַר פּשוטע עפּל אָדער באַרן; אָבער מאַראַנצן פון סאַמע ארץ־ישראל זאָל מען אָט אַזוי אַוועקוואַרפן — ווי געשיקט זיך אַזאַ זאַך!...

יואל האָט מיט זיין גאַנצן אויסזען, מיט זיין אופן פון לעבן און מיט זיין הנהגה אויסגעשטראַלט פון זיך די באַרימטע פּשטות פון דעם ייִדישן האָרעפּאַשניק. שפּעטער, ווען איך בין עלטער געוואָרן און אָנגעהויבן לייענען שלום־עליכמען, האָב איך אין אים דערקענט טוביה דעם מילכיקן. פּון אָט אַזעלכע ייִדן ווי יואל, וואָס האָבן זיך געפונען לרוב אין אונדזערע מקומות פון דרום־רוסלאַנד, האָט דער באַרימטער הומאָריסט אויסגעקנאָטן זיין מאָנומענטאַלן טיפּ, מיט זיין לעבנסשטייגער, לעבנס־פילאָסאָפיע און שפּראַך. יואל איז אַפילו געווען ענלעך אויף טוביה דעם מילכיקן מיט זיין אופן פון אויסטייטשן אַ פּסוק. קיין איבעריק־גרויסער למדן איז ער נישט געווען, אָבער ער האָט באַזעסן דעם טיפּיש־ייִדישן פאָלקסטימלעכן הומאָר פון אויסטייטשן אַ פּסוק כפי אים האָט זיך געלוינט. אַפילו טוביהס דאגות און צרות האָט יואל געהאַט. דער מאַן פון זיין טאָכטער, נישט קיין איבעריקע חכמה, וואָס האָט געוווינט ביי אונדז אין שטעטל, איז געווען אַ ביטערער אָרעמאַן און וואָס דער פאָטער האָט נישט געגעבן, האָט זי נישט געהאַט. איך קאָן מיך נישט דערמאָנען אַז איך זאָל יואלן ווען

עס איז אַמאָל האָבן געזען אין כעס. שטענדיק איז אויף זיין פאַרברוינטן
פּנים געלעגן אויסגעגאָסן אַ לייטזעליקער שמייכל און אַ גוטמוטיקע מינע.

יואלס איינגעשטעלטער לעבנסשטייגער און זיין מסחר האָט אָנגע־
האַלטן אַזוי לאַנג ווי בעסאַראַביע איז געווען איינס מיט רוסלאַנד. אין
1918, ווען רומעניע האָט פאַרנומען בעסאַראַביע און דער דניעסטר איז
פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרענעץ, האָט יואל אויפגעהערט צו קומען. די
יאַרידים האָבן זיך ווייטער געשטעלט ווי אין די גוטע אַלטע צייטן, אָבער
יואלן מיט זיינע געווירצן, נעגעלעך, לימענעס און מאַראַנצן, האָט מען מער
נישט געזען. פון יענער זייט „נעסטר", פון אוקראַינע, האָט מען געהערט
וואָס אַמאָל אַלץ ערגערע בשורות וועגן מהומות, איבערקערענישן און
פּאָגראָמען אויף יידן. שפּעטער האָבן אָנגעהויבן קומען פון יענער זייט
טייך יידן, וואָס זענען געלאָפן אין גרויסער בהלה פון די פּעטליורישע
הריגות. אויף די רויקע בעסאַראַבישע ברעגן פונעם דניעסטר האָט זיך
אָנגעהויבן גיסן יידיש בלוט פון יענע, וואָס זענען אומגעקומען ביים
שוואַרצן די גרענעץ.

אין אַ פרימאָרגן האָט זיך אין שטעטל באַוויזן אויך יואל. דאָס איז
שוין אָבער נישט געווען דער זעלבער יואל פון אַמאָל, דער יואל וואָס איז
אַזוי זיכער אַרומגעפּאָרן אויף די יאַרידים פון פּאָדאָליע און בעסאַראַביע
און געהאַנדלט מיט זיין פילפאַרביקער און שמעקנדיקער סחורה. ער איז
איצט געווען איינער פון די טויזנטער בעזשענצעס, וואָס דער שטורעם
פון דעם רוסישן בירגערקריג און די פּאָגראָמען האָט פאַרטראָגן צו אונדז
און זיי האָבן זיך געוואַלגערט אין די שילן פונעם שטעטל. דער זעלבער
יואל וואָס קינד און קייט האָבן אים געקענט און וואָס האָט אַלע מאָלדא־
וואַנעס פון דער סביבה געקענט ביים נאָמען, האָט זיך איצט אומגעדרייט
אַן איבערגעשראָקענער און פאַרלוירענער און געציטערט פאַר יעדער רו־
מעניש „קנעפּל". די ערד פונעם שטעטל און פון דער גאַנצער אומגעגנט,
וואָס איז אים געווען אַזוי היימיש און באַקאַנט, האָט איצט געברענט זיינע
טריט. ער איז געווען אַ פרעמדער.

מיט דער צייט האָט יואל זיך צוריק איינגעאָרדנט און אָנגעהויבן
פירן זיין אַלטן מסחר אויפן שטעטלשן יאַריד. עס איז שוין אָבער נישט
געווען דער זעלבער יואל; עס האָט אים שוין געפעלט דער אַמאָליקער

פאַרנעם און גלאַנץ. די אַמאָליקע בנעגלעך און געווירצן און אַנדערע זאַכן פון ווייטע לענדער זענען פאַרשווונדן געוואָרן פון זיינע קעסטלעך, קוישן און זעק. עס האָט מער נישט געשמעקט מיט „קיטאַי", אינדיע און ארץ־ישראל און מען האָט שוין מער נישט געזען אויף אים דעם שטויב פון ווייטע און ברייטע שליאַכן איבער וועלכע ער פלעגט אַמאָל אַרומפאָרן. אַפילו דאָס פּנים זיינס, וואָס איז אַמאָל געווען צעשמיסן פון די ווינטן און אָפּגעברענט פון דער זון, האָט איצט אויסגעזען שטאָטישער, איידעלער און — טרויעריקער.

דאָס שטעטל איז איצט געווען אָפּגעשניטן פון פּאָדאָליע און יואל האָט נאָר פונדערווייטנס געקאָנט זען די ווייטע שליאַכן אויף וועלכע ער איז געווען אַזוי היימיש. ער איז איצט געווען נאָך איין תושב פונעם שטעטל וואָס האָט מיט זיין אַנוועזנהייט דערמאָנט אַמאָליקע צייטן.

# רבקה רייזע

פון דער רייכער גאַלעריע אייגנאַרטיקע טיפּן וואָס דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט, האָט זיך אויסגעטיילט די געשטאַלט פון רבקה־רייזען, א ייִדענע וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט טון צדקה אינדערשטיל — אָן רעש.

רבקה־רייזע האָט אין זיך פאַרקערפּערט די אַלטע, עכט־ייִדישע מידה פון מתן־בסתר. זי איז געווען די איינציקע וואָס האָט פּערזענלעך געקענט אַלע אָרעמעלייט פונעם שטעטל, וועלכע זי פלעגט העלפן אויף אַזאַ אופן, אַז נאָר זי האָט געוווּסט ווער עס זענען די וואָס מוזן נעבעך אָנקומען צו אַ נדבה. מערסטנס זענען דאָס געווען אָפּגעקומענע באַלעבאַטים, וועמען מען האָט געדאַרפט העלפן אינדערשטיל, אַז קיינער זאָל דערפון נישט וויסן. דאָס זענען מייִנסטנס געווען מענטשן וואָס וואָלטן גיכער אויסגעגאַנגען פון הונגער אָדער ווינטער אומגעקומען פון קעלט, איידער גיין אויסשטרעקן אַ האַנט. דאָס זענען געווען שטאָלצע ייִדישע פאַמיליעס, וואָס זענען איבער אַזאַ אָדער אַנדער סיבה אַראָפּ פון דער מדרגה און האָבן זיך געניטיקט אין הילף אָבער — אויף אַן אָנשטענדיקן אופן.

געווען איז רבקה־רייזע, ווען איך האָב זי געקענט, אַן אַלטיטשקע פרוי פון איבער זיבעציק יאָר און געוווינט האָט זי ביי איר איין־און־איינציקן זון לייבוש, וועלכן מען האָט טאַקע גערופן לייבוש רבקה־רייזעס. זי איז געווען אַ קליינינקע ייִדענע, מיט אַ גוטמוטיק, שמייכלענדיק פּנים פון אַ צדיקת וואָס האָט פון זיך אויסגעשטראַלט אַ מין געטלעכע גוטסקייט. שטענדיק איז זי געגאַנגען אָנגעטאָן ריין און זויבער. הגם זי האָט גע־שטאַמט פון אַ מיוחסדיקער משפּחה, לויט די באַגריפן פון אַ בעסאַראַבער ייִדיש שטעטל, איז זי אין איר באַנעמונג געווען אַ פּשוטע, אַ באַשיידענע.

איר עניוות האָט אין זיך נישט געהאַט קיין שמץ פון געמאַכטקייט. זי איז געווען, סיי אין איר באַציִונג צו מענטשן און סיי אין אירע מעשים, די נאַטירלעכקייט אַליין.

דאָס שטעטל האָט נישט פאַרמאָגט דאָס וואָס מיר רופן היינט „געזעלשאַפטלעך־פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס", הגם עס האָבן נישט גע־פעלט אַזעלכע וואָס האָבן זיך געניטיקט אין הילף. רבקה־רייזע, אָט די אַלטע, שוואַכינקע ייִדענע, מיטן געלבלעך־בלייכן פּנים וואָס איז געווען אַזוי דורכזיכטיק, אַז מען האָט געקאָנט איבערציילן די אָדערן אויף אירע שלייפן, זי האָט איינע אַליין אויסגעפּולט די אַרבעט פון אַ גאַנצער פי־לאַנטראָפּישער אינסטיטוציע. זייער אָפט האָט מען זי געזען אומגיין אי־בער די הייזער זאַמלען נדבות פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן אין שטעטל גע־גאָלטן ווי „שיינע ייִדן" און האָבן פונדעסטוועגן געלעבט פון קצבה. מען האָט געוווּסט אַז עס זענען דאָ אַזעלכע, אָבער אײן רבקה־רייזע האָט גע־ווּסט ווער זיי זענען און זי האָט דעם דאָזיקן סוד אָפּגעהיט זייער שטרענג, בכדי חלילה נישט מבייש צו זיין זיי פאַר לייטן.

רבקה־רייזע האָט אייגנטלעך שטענדיק געזאָרגט פאַר אירע אָרעמע־לייט, אָבער דאַנערשטיק און פרייטיק זענען געווען די צוויי טעג ווען זי האָט אַממערסטן געאַרבעט. ווי האָט זי דען געקאָנט בלייבן רויִק, ווען עס האָט זיך אָנגערוקט דער הייליקער שבת און מען האָט געדאַרפט זאָרגן אַז עס זאָל חלילה ייִדן גאָרנישט פעלן. פלעגט רבקה־רייזע זיך אַרויסלאָזן איבערן שטעטל און זאַמלען וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. און געהאַט האָט זי גרויסע השגות ווען זי האָט געזאַמלט פאַר ייִדן אויף שבת. רבקה רייזע האָט געהאַלטן אַז אַלע ייִדן — אָן אויסנאַם — סיי די וואָס געבן אײַן סיי די וואָס נעמען, דאַרפן מקבל זיין דעם הייליקן שבת אויף אַ בכבודיקן אופן, ווי גאָט האָט געבאָטן, מיט בשר ודגים, מיט חלה און מיט וויין אויף קידוש. אַלץ וואָס איז דאָ אויף דער וועלט — פלעגט זי גוט־מוטיק זאָגן — איז פון גאָט. אויב ער האָט איינעם געגעבן מער און דעם צווייטן ווייניקער, און אַנדערע אינגאַנצן נישט געגעבן, דאַרף דער וואָס האָט באַקומען מערער אָפּגעבן עפּעס פאַר דעם וואָס האָט ווייניקער, אָדער האָט אינגאַנצן נישט. רבקה־רייזעס באַגריף וועגן סאָציאַלן יושר איז גע־ווען — אמת — זייער אַ פּרימיטיווער; ער האָט אָבער געהאַט איין גרויסע

מעלה — ער איז נישט געבליבן בלויז אויף פּאַפּיר — רבקה־רייזע האָט ליב געהאַט מעשים און טאַקע — מעשים טובים.

רבקה־רייזע איז נישט געווען פרום אין דעם פּאַנאַטישן זינען פון וואָרט. אוודאי איז זי געווען רעליגיעז, ווי דער גרעסטער טייל פון יידישע פרויען אין דעם אַמאָליקן שטעטל, אָבער אירע „טראַנזאַקציעס" מיטן רבונו־של־עולם זענען נישט געלעגן אויפן שטח פון זאָגן תחינות אָדער פאַסטן תעניתים, נאָר אויפן שטח פון געבן צדקה, העלפן מענטשן אין אַ נויט, ברענגען זיי דערלייכטערונג און טרייסט. דאָס איז געווען אַ טעטי־קייט וואָס אין דער מאָדערנער שפּראַך הייסט עס ריינער הומאַניזם. רבקה־רייזע האָט אַזאַ אויסדרוק זיכער נישט געהערט אויף איר לעבן. זי איז געווען אַ הומאַניסטקע אין דעם פולן זינען פון וואָרט און האָט אַפילו נישט געוווּסט אַז זי איז דאָס.

די געשטאַלט פון רבקה־רייזען דערמאָנט אין עפּיזאָדן און געשטאַלטן פונעם יידישן שטעטל וואָס זענען געווען אייגנציקאַרטיק אין זייער מין. זיי זענען געווען אייגנציקאַרטיק, ווען דאָס יידישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע האָט נאָך עקזיסטירט; איצט, ווען דאָס אַלץ געהער צו דער פאַרגאַנגענ־הייט, וואַקסן די דאָזיקע געשטאַלטן און עפּיזאָדן אויס צו סימבאָלן פון דעם וואָס אָט דאָס יידישע לעבן איז געווען.. רבקה־רייזע איז געווען דער עכטער אויסדרוק פון דעם וואָס מען האָט גערופן נשים צדקניות, וואָס האָבן אין זיך געטראָגן די מאָראַלישע פליכט, נישט נאָר צו העלפן דעם נויטבאַדערפטיקן, נאָר אים העלפן אויף אַזאַ שטייגער, אַז ער זאָל חלילה נישט ליידן קיין בושה. עס איז נישט געגאַנגען סתם אין געבן, נאָר אויך אין דעם אופן פון געבן.. ביי וואָס נאָך פאַראַ פאָלק האָט מען געקאָנט געפינען אַזעלכע געשטאַלטן?

עפּיזאָדן וואָס פאַרגעסן זיך נישט, וואָס קאָנען זיך נישט פאַרגעסן. עפּיזאָדן וואָס דערמאָנען אין נאָענטע צייטן וואָס זעען שוין אויס אַזוי ווייט, גלייך דאָס וואָלט געווען פאַסירט מיט הונדערטער יאָרן צוריק. עפּי־זאָדן און מענטשן, פּשוטע פאָלקסמענטשן וואָס האָבן זיך געקאָנט דער־הייבן צו די העכסטע מדרגות פון הומאַניטאַרער פליכט, אָן שום פּרע־טענזיעס, אָן באַזונדערע פאָדערונגען. דאָס אייגנציקע וואָס די דאָזיקע גוטע פאָלקסמענטשן האָבן דערוואַרט פאַר זייערע מעשים טובים, איז געווען

דאָס ביסעלע שכר אויף „יענער וועלט“, ווי די ייִדענע ביי י. ל. פּרץ, וואָס באַנוגנט זיך מיט זיין כאַטש דאָס פּוסבענקעלע פון איר מאַן, דעם למדן, אין גן־עדן. אַ נאַיִווע שטרעבונג וואָס האָט קיינעם קיין שאָדן נישט געבראַכט. ווו איז זי אַהינגעקומען די דאָזיקע ייִדישע פּשטות, די דאָזיקע באַשיידנקייט, דאָס דאָזיקע מסתפּק זיין זיך במועט!

רבקה־רייזע. ווען מען גיט אַ באַרעכן וואָס די דאָזיקע שוואַכינקע ייִדענע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אין דעם זין פון צדקה־טעטיקייט, קומען נישט ווילנדיק אויפן געדאַנק די מאָדערנע, ריזיקע אינסטיטוציעס וואָס טוען הייגט פילאַנטראָפּישע אַרבעט מיט דער הילף פון גרויסע ספּעציאַליזירטע אַפּאַראַטן, און — דאָס האַרץ ווערט אָנגעפולט מיט שטאָלץ. איר דערמאָנט זיך וועגן דעם מיט שטאָלץ, ווייל איר ווייסט אַז דאָס איז אייער אייגענע פאַרגאַנגענהייט, די שול אין וועלכער איר אַליין האָט זיך געלערנט קוקן אויף דער וועלט און אויפן לעבן.

וואָס איז דען אייגנטלעך געווען רבקה־רייזע? זי איז געווען איינס פון יענע טויזנטער קעמערלעך פון די ייִדישע תפוצות, וואָס האָבן אומדערמידלעך און פערמאַנענט געשפּייזט דעם אויסגעשעפּטן פאָלקסקערפּער און אים נישט געלאָזט צוזאַמענברעכן. דאָס פאָלק האָט געלעבט אַ שווער לעבן, אַ לעבן וואָס האָט נישט געוווּסט פון קיין שום אָפיציעלער דיסציפּלין. אַלץ איז געטון געוואָרן על פּי מסורה, לויט אַבסטראַקטע געזעצן, און זייער שלעכט וואָלט געווען אויסגעזען דאָס דאָזיקע לעבן, ווען עס וואָלטן זיך נישט געווען יענע טויזנטער וואָלונטירן פון דעם רבקה־רייזע־טיפּ, וואָס האָבן מיט זייער מסירת־נפש און אַלטרויִזם באַשיינט דאָס דאָזיקע לעבן און דעם צוגעגעבן אַ זין פון שטרענגער פליכט.

רבקה־רייזע האָט נישט נאָר געהאָלפן אָרעמעלייט; זי האָט אויך געהאָלפן די זאַטע דערמיט וואָס זי האָט זיי שטענדיק דערמאָנט אַז באַוויגן נישט צו פאַרגעסן די הונגעריקע. באַוועגן עמעצן צו טון אַ גוטע זאַך איז אין גרונט־גענומען נישט ווייניקער צדקה ווי אַליין טון און רבקה־רייזע האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט דערמאָנען די באַמיטלטע אַז עס זענען דאָ אָרעמע, וועלכע מען טאָר נישט פאַרגעסן, אַז מען דאַרף זיי העלפן.

רבקה־רייזע האָט דערצויגן דורות גוטע מענטשן אין דעם בעסטן זינען פון וואָרט. זי איז שטענדיק געווען דער גוטער ביישפּיל פאַר יענע וואָס

האָבן אַ טבע צו פאַרגעסן אַז אַ טריט פון זייער וויך־אויסגעבעטן געלע־גער און זייער וואַרעמער, געמיטלעכער היים, לעבן מענטשן אין דחקות און אין נויט און שעמען זיך אויסצושטרעקן די האַנט נאָך אַ נדבה. פאַר אַט די דאָזיקע מענטשן האָט רבקה־רייזע געזאָרגט, מער ווי פאַר די אָרע־מעלייט וואָס האָבן זיך נישט געשעמט אַליין צו גיין בעטן. דאָס איז געווען אַ פילאַנטראָפּיע פון דעם איידלסטן מין, אַ ווױלטעטיקייט וואָס האָט אוי־סער העלפן דעם מענטשן אויך געשאַנעוועט זיין כבוד, זיין חשיבות.

איך דערמאָן מיך מיט שטאָלץ אַז מיין מאַמע איז געווען איינע פון יענע גוטע מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען אין די וועגן פון רבקה־רייזען. צווישן די שענסטע און דערהויבנסטע מאָמענטן פון מיין לעבן, קאָן איך נישט פאַרגעסן יענע, ווען איך בין געווען דער שליח־מצווה צווישן מיין מאַ־מען און רבקה־רייזען אין דעם דראַנג צו העלפן דעם נויטבאַדערפטיקן.

פרייטיק, ווען די זון האָט זיך שוין גענומען נייגן צו מערב־צו; אַ מידע, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט פון צוגרייטן דעם שבת פאַר אונדזער היפּשן הויזגעזינד, אַן אויסגעמאַטערטע פון האָרעווען פון באַגינען אָן ביים באַקן און קאָכן, האָט די מאַמע נישט פאַרגעסן אַז עס זענען אין שטעטל פאַראַן נויטבאַדערפטיקע. ווען זי האָט אַרויסגענומען די חלה פון אויוון און איידער זי האָט זיך געקליבן צו פאַרוקן דעם טשאָלנט, פלעגט זי אויסקלייבן אַ גרויסן קוילעטש, אים איינוויקלען אין אַ ריין טישטעכל און אים אַוועקשיקן צו רבקה־רייזען, וועלכע האָט עס פאַרטיילט צווישן די אָרעמעלייט, אינדערשטיל, בסתר, אַז קיינער זאָל נישט וויסן וועמען זי גיט. צוזאַמען מיט דער חלה פלעגט זי שיקן צוקער, אַ גלאָז שמאַלץ, טרוקענע פרוכטן אָדער פיש.

איך האָב קינדווייז געהאַט דעם גרויסן כבוד צו זיין אַזאַ שליח־מצווה. אַ סך מאָל האָט מיך די מאַמע געשיקט צו רבקה־רייזען. איך האָב זי גוט געקאָנט פון דער נאָענט און ביז צום היינטיקן טאָג געדענק איך איר ליכטיק געשטאַלט. אַ סך מאָל האָב איך צו איר אָפּגעטראָגן די חלות וואָס מיין מאַמע האָט צו איר געשיקט. זי האָט נישט געוווּסט פאַר וועמען זי שיקט; קיינער האָט עס נישט געוווּסט. איין זאַך האָט זי אָבער יאָ גע־וווּסט: אַז עס וועט אָנקומען אַהין ווו מען נייטיקט זיך אין דעם. זי האָט געוווּסט, אַז פּונקט ווי עס וועט ביי איר טיש נישט פעלן אַלץ וואָס מען

האָט געדאַרפט אויף צו מאַכן אַ לייטישן שבת, אַזוי וועט עס ניט פעלן ביי די טישן פון די נויטבאַדערפטיקע, פאַר וועלכע עס האָט געזאָרגט רבקה־רייזע.

אַ שמייכלענדיקע, מיט אַ שטראַליק פנים, פלעגט די אַלטע רבקה־רייזע צונעמען די חלה און די אַנדערע זאַכן וואָס די מאַמע האָט געשיקט און פלעגט מיך הייסן זאָגן דער מאַמען אַז זי — „זאָל לאַנג לעבן". אַלץ איז געווען אַזוי פשוט, אַזוי נאַטירלעך און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז עס וואָלט געווען אויסגעקומען מאָדנע, ווען עס איז אַנדערש. אַזוי איז דאָס געווען, אַזוי האָט עס געדאַרפט זיין.

איך זע זי, די אַלטע רבקה־רייזע ווי לעבעדיק פאַר מיינע אויגן, ווי זי גייט אום איבער די הייזער זאַמלען נדבות פאַר אירע אומבאַקאַנטע אָרעמעלייט, וועמען מען טאָר נישט פאַרשעמען. איך זע זי, ווי זי נעמט ביי מיר צו די חלה וואָס די מאַמע האָט איר געשיקט אויף צו צעטיילן די אָרעמעלייט אויף שבת. איך זע זי אַ קליינינקע, אַ שוואַכינקע, לויט איר גוף, אָבער אַ ריזיקע, אַ שטאַרקע, לויט איר גוטער נשמה, לויט אירע מעשים טובים.

אַזוי האָבן זיי אויסגעזען אונדזערע מאַמעס און באָבעס.

# די מעכלקע

די פרוי וואָס איך גיי דאָ באַשרייבן איז געווען די וואָס האָט מיך די ערשטע געהאַלטן אין אירע הענט ווען איך בין געקומען אויף דער וועלט. און נישט נאָר מיך: די גרעסטע טייל פון די וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין שטעטל זענען געקומען אויף דער וועלט דורך די הענט פון דער מעכלקע.

זי איז געווען די הייבאַם פונעם שטעטל, אָדער ווי מען האָט עס גערופן ביי אונדז אין בעסאַראַביע — די „בובע״.

פונוואַנען זי האָט זיך אויסגעלערנט די פּראָפעסיע, האָט קיינער נישט געוווּסט. ווען דערגיין אַזאַ זאַך האָט געהייסן זיך אַריבערטראָגן אויף אַ סך צענדליקער יאָרן צוריק, ווייל די מעכלקע איז געווען אַן אַלטע יידענע, וואָס איז געווען באַרימט אַלס „בובע״, נישט נאָר ביי אונדז אין שטעטל, נאָר אויך אין די אַרומיקע דערפער. זי האָט געשמט אַלס אַזעלכע נישט נאָר צווישן יידן, נאָר אויך צווישן די פּויערים פון דער גאַנצער סביבה.

געווען איז זי אַ קליינינקע, כמעט אַ קאַרליטשקע, אָבער זייער אַ זשוויוועס און רירעוודיקע. ווען איך האָב זי געקענט, איז זי שוין געווען ווייט אין די אַכציקער, אָבער זי האָט נאָך אַרויסגעוויזן אַ וווּנדערבאַרע באַוועגלעכקייט און ווען מען פלעגט זי רופן צו אַ קימפּעטאָרן איז זי באַלד געקומען און געטון דאָס איריקע, ווי אין די יונגע יאָרן. מיין מאַמע פלעגט וועגן דער מעכלקע רעדן מיט גרויס דרך־ארץ, ווייל פון די אַכט קינדער וואָס זי האָט געבראַכט אויף דער וועלט, האָט בלויז דאָס לעצטע, מיין יונגע שוועסטער איטע, גענומען די אַקושאָרקע וואָס איז אַראָפּגע־

בראָכט געוואָרן אין דעם שפּיטאָל פונעם שטעטל. די אַנדערע זיבן קינ־
דער אירע זענען געקומען אויף דער וועלט דורך די הענט פון דער
מעכלקע.

די מעכלקע האָבן אַלע אין שטעטל, פון קליין ביז גרויס, געקענט,
די באַרימטקייט אירע אַלס בובע איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט גע־
מאַכט דעם איינדרוק אַז נישט נאָר די קינדער און יונגעלייט פונעם שטעטל
זענען געקומען אויף דער וועלט דורך אירע הענט, נאָר אַפילו די אַלטע
יידן מיט די לאַנגע גרויע און ווייסע בערד, זענען אויך געבוירן געוואָרן
דורך איר. זי אַליין, האָט זיך געפילט ווי אַ מין צווייטע מאַמע פון אַלע
איינוווינער פונעם שטעטל און קיינער האָט, נאַטירלעך, נישט געוואַגט
אָפּצופרעגן דאָס דאָזיקע רעכט אירס.

געוווינט האָט די מעכלקע אין סאַמע עק פונעם שטעטל אין אַ קליין
שטיבל לעבן דער „ריפּע". דאָס דאָזיקע שטיבל האָט זיך געפונען אויפן
סאַמע ראַנד פון אַן אָפּגרונט און עס האָט אויסגעזען אַז אָט־אָט און עס
וועט אַריינפאַלן אין דער „ריפּע" און פאַרשיטן דעם „שיפּעט" פון וועלכן
אַ האַלב שטעטל האָט גענומען וואַסער. דאָס שטיבל האָט מען אָנגעזען
פונווייטנס, ווייל עס איז געשטאַנען נישט אין דער ליניע פון די אַנדערע
הייזער, נאָר „פאַפּערעק" און האָט אָפּגעצייכנט די ענדע פונעם שטעטל,
נאָך דער מעכלקעס שטיבל האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די גויישע פעלדער
פון דעם נאָענטן דאָרף.

ווען איך האָב זי געקענט, האָט דער מאַן אירער, מעכל, — ווי עס
איז צו זען פון איר צונאָמען — שוין מער נישט געלעבט. זי האָט אָבער
געהאַט אַ גרויסע משפחה, אַ סך זין און טעכטער. די זין אירע זענען אַלע
געווען יידן מיט געלע און טונקעלע בערד אוי צעאַקערטע פּנימער פון
האָרעפּאַשניקעס. זיי זענען אַלע געווען טיטון־פּלאַנטאַטאָרס, מוליערס, ציי־
גלמאַכערס און ענלעכע פאַכן. אייניקע פון זיי זענען געווען „ספּעציאַליסטן"
ביים באַקן ערב פּסח און אַ פּאָר פון זיי האָבן געהערט צו דער חברה
„מעלאַטשע", דאָס הייסט, קברנים. זיי האָבן געטון ווי אַ שווערע אַרבעט,
אָבער קיין באַלמעלאָכעס זענען אין דער משפחה, חלילה, נישט געווען.
אין דעם זין, זענען זיי געווען „שיינע יידן" אָן אַ „פלעק" אין דער משפחה.

ווען עס איז אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַריין די אַקושאָרקע ליזע,

איז דער שטערן פון דער מעכלקע געפאַלן. הגם זי האָט געהאַט דעם שם פון אַ גוטער „בובע", וואָס „פריִער גאָט און דערנאָך זי" איז די קימפּעט אַ „שפּילעכל", האָבן די יונגע ווייבלעך זיך שוין געשעמט צו רופן די מעכלקע. ליזע די אַקושאָרקע, האָט זיך אַריינגעריסן מיט איר וויסנשאַפט אין די געמאַרקן פון דער מעכלקע און האָט צונישט־געמאַכט איר גאַנצע אויטאָריטעט. איצט איז ליזע געוואָרן די וואָס דורך אירע הענט זענען דורכ־געגאַנגען אַלע קימפּעטאָרנס פונעם שטעטל און פון דער סביבה. ליזע פלעגט שוין נישט פאָרן אין די דערפער מיט די האַרטע פויערשע פורן, נאָר מיט דער בריטשקע פון דער „זעמסקע באָלניצע" וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן פּאַרק אין סאַמע עק פונעם שטעטל, טאַקע נישט ווייט פון דאָרט וווּ עס האָט געוווינט די מעכלקע. ליזע אַליין איז געווען אַן אַלטע מויד מיט אַ מאָנומענטאַלער, דיקער פיגור און זי האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיטן בוכהאַלטער פון דער ליי־און־שפּאַרקאַסע וואָס זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען בעלאָוס און גערופן האָט ער זיך ווייסגורט, אויך אַן אַלטער בחור, וואָס פלעגט גיין אויסגעפּוצט ווי אַ וואַזשנער קאַוואַליער און געקוקט אויפן גאַנצן שטעטל פון אויבן אַראָפּ.

צי די מעכלקע האָט זיך גענומען צום האַרץ דאָס, וואָס ליזע האָט פאַרנומען איר אָרט, איז נישט באַוווּסט, זי איז שוין יעדנפאַלס געווען צו־אַלט אַז זי זאָל נאָך קאָנען אָנגיין מיט דער פּראָפעסיע און קיין אַנדער „בובע" איז אין שטעטל, אויף וויפיל איך געדענק, נישט געווען. איין זאַך איז אָבער יאָ זיכער: אַז די מעכלקע האָט נישט שטאַרק געהאַלטן פון דער נייער סיסטעם וואָס ליזע האָט אָנגעווענדט אין דער פּראָפעסיע. אויסער דעם וואָס די נייע אַקושאָרקע פלעגט קומען מיט אַ ווייסן כאַלאַט, וואָס האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ פחד, גלייך זי וואָלט געטראָגן תכריכים, רחמנא ליצלן, איז זי געווען שטרענג אין יעדער פּיצעלע, האָט קיינעם נישט צוגעלאָזט צו דער קימפּעטאָרן, האָט ווידער און אָבער אַמאָל איבערגעזאָטן די אינסטרומענטן און זיך געוואַשן און געזייפט די הענט, איידער זי האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. די מעכלקע, הגם זי האָט קיינמאָל נישט געזען ווי די נייע אַקושאָרקע „נעמט" אַ קינד, האָט אָבער אָפּגענומען גרויסן אַז זי פירט זיך אויף ווי אַ פאָלנע גויע — כאָטש זי איז געווען אַ ייִדיש קינד — לאַכט זיך אויס פון די שפּרוכן און אַפילו פון די תפילות וואָס אַ גוטע

„בובע" דאַרף קענען. אַז זי שפּעט־אָפּ פון די „שיר המעלותן" וואָס מען הענגט אויס אין דעם הויז פון דער קימפּעטאָרן, אַז זיי זאָלן באַשיצן און באַשירעמען די געווינערן פון שדים און „נישט־גוטע" — בקיצור, עפּעס נישט יידיש.

וואָס שייך דער נייער אַקושאָרקע ליזע, האָט זי געהאַלטן פאַר אונטער איר כבוד אַפילו צו אינטערעסירן זיך מיט דער מעכלקע. טון אַזאַ זאַך, וואָלט געהייסן צו אָנערקענען אַז די דאָזיקע אַלטע יידענע מיט דער איינ־געבויגענער פּלייצע און מיטן טיכל טיף איבערן שטערן, איז עס געווען די פאָרלויפערן אין שטעטל פון דער פּראָפעסיע, וועלכע זי, ליזע, פּראַקטי־צירט מיט אַזויפיל וויסנשאַפטלכער חשיבות. און ליזע איז געווען אַן איינ־טעליגענטקע פון דעם אַלטן רוסישן שניט און האָט נישט געקאָנט דערלאָזן צו אַזאַ פּראָפאַנאַציע פונעם פּראָגרעס און פון דער וויסנשאַפט.

דאָס שטעטל אָבער האָט זיך נישט גערעכנט מיט ליזעס מיינונגען. מען האָט די מעכלקע טאַקע מער נישט גערופן צו קיין קימפּעטאָרנס, אָבער אַלע האָבן געוווסט אַז די גרעסטע מערהייט פון די וואָס דרייען זיך אַרום אין שטעטל, זענען געקומען אויף דער וועלט דורך די הענט פון דער מעכלקע — די אַלטע „בובע" וואָס האָט געקענט אַלע סודות פון דער פּראָ־פעסיע, לויטן שטייגער ווי מען האָט זי פּראַקטיצירט זינט טויזנטער יאָרן.

# די עלישקע מיט אירע זין

די עלישקע איז געווען אַ ייִדענע וועמען דאָס גאַנצע שטעטל האָט געקענט און פּאָר וועמען אַלע האָבן זיך געהיט ווי פֿאַר פֿייער. אַלע האָבן געוווּסט, אַז אָפּגעהיט זאָל מען ווערן אַריינצופֿאַלן צו דער עלישקע אין מויל אַריין. עס איז גענוג געווען אַז עמיצער זאָל זיך מיט איר פֿאַרטשעפּען איבער אַ קלייניקייט, אַז זי זאָל יענעם באַפֿאַלן מיט זידלערייען און מיט קללות פֿון דער תּוכחה. אַז אָך און ווײ איז געווען צו דעם וואָס איז אַריינגעפֿאַלן צו דער עלישקע אין מויל אַריין.

געהייסן האָט זי איטע און מען האָט זי אויך גערופֿן איטע שואלס. איבן נאָמען פֿון איר פֿאָטער וואָס האָט געהייסן שואל. עלישקע האָט מען זי גערופֿן אויפֿן נאָמען פֿון איר מאַן „עליש“, וואָס איז געווען אַ שניידער. אַ טאַנדעטניק, אַ ייִד מיט אַ געלער, שיטערער באָרד און אַן אויסגעבלייכט פּנים פֿון אַ טשעכאָטניק. זי אַליין איז געווען אַ דאַרע בײדעריק־געוואָקסענע ייִדענע, מיט אַ נאָז ווי אַ פֿויגלשער שנאָבל און אַ מויל אָן איין צאָן. זי האָט געהאַט פֿיר זין און צוויי טעכטער. די זין זענען אַלע געווען פֿעסט־געבויטע, שטאַרקע זכרים. זײ זענען געווען די באַלעגאָלעס פֿונעם שטעטל און גאַנץ אָפֿט פֿלעגט צווישן זײ פֿאָרקומען קריגערייען און געשלעגן איבער „פּראָפֿעסיאָנעלע“ און משפּחה־ענינים און עס פֿלעגט זיך ממש גיסן בלוט.

אין דעם געמיטלעכן און באַלעבאַטישן לעבנסשטייגער פֿונעם שטעטל, וווּ די אָנשטענדיקייט האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע, איז די עלישקע מיט אירע בנים געווען אַן אויסנאַם. קיין אונטערוועלטניקעס זענען זײ נישט געווען, אויך נישט קיין גנבֿים אָדער פֿאַרברעכער, אָבער לויט די אָנגענומענע לעבנס־נאָרמען פֿונעם שטעטל זענען זײ געווען דאָס וואָס מען רופֿט

— הפקר־מענטשן. אָפּזידלען יענעם און אים מאַכן מיט דער בלאָטע צוגלייך, איז ביי זיי געווען פון די לייכטסטע זאַכן. זי, די אַלטע, איז געווען דער ריכטיקער פּראָטאָטיפּ פון דער „סעדיכע" און די זין זענען אַלע געווען געראָטן אין דער מאַמען. עליש שניידער אַליין, דער מאַן אירער, איז דווקא געווען אַ שטילער מענטש וואָס האָט נישט געטשעפּעט קיין פליג אויף דער וואַנט.

געווען איז די עלישקע פון „פּראָפעסיע" אַ מאַרקזיצערן. זי פלעגט ציִען איר פּרנסה פון די עטלעכע קוישלעך אויבסט און סאָנעשניק וואָס זי פלעגט פאַרקויפן אין מאַרק בעת די יאַרידים און מאַרקטעג. די שניידעריי פון איר מאַן האָט, ווייזט אויס, נישט געקלעקט אויף צו דערנערן דאָס הויזגעזינד, האָט זי, הייסט עס, צוגעהאַנדלט. דער וואָס איז צו איר צוגע־גאַנגען עפּעס קויפן, האָט זיך געמוזט אונטערוואַרפן די באַדינגונגען, אויב ער האָט נישט געוואָלט אָפּגעזידלט ווערן. קיינער האָט נישט געוואַגט זיך צו דינגען מיט איר.

אַ צווייטער קוואַל פון פּרנסה איז געווען דער „קוב" וואָס זי האָט געהאַט ביי זיך אין שטוב און אין וועלכן זי פלעגט אויפזידן „אָקרעפּ" אויף טיי. הייסע וואַסער האָט מען ביי איר שטענדיק געקאָנט קריגן, אָבער דער הויפּט־פּדיון פאַר „אָקרעפּ" איז ביי איר געווען שבת, ווען אַ האַלב שטעטל פלעגט קומען צו איר מיט די טשייניקעס קויפן הייסע וואַסער אויף טיי. זי האָט שוין געהאַט איר שבת־גוי וואָס פלעגט איר אויפזידן דעם „קוב" און פאַר אַ קופּערנעם „צענער" האָט מען געקראָגן אַ פולן טשייניק „אָקרעפּ", וועלכן מען האָט שנעל אַהיימגעטראָגן איינגעוויקלט אין טיכער, בכדי דאָס וואַסער זאָל נישט קאַלט ווערן.

אַזוי פלעגט זעלטן עמיצער קומען אין דעם אַלטן האַלב־איינגעפאַ־לענעם שטיבל פון דער עלישקע, וואָס האָט זיך געפונען אין דער באָד־גאַס. שבת, אָבער, ווען יידן האָבן זיך געניייטיקט אין „אָקרעפּ" אויף טיי, פלעגן אַפילו קינדער פון די אָנשטענדיקסטע הייזער זיך מטריח זיין און קומען צו דער עלישקע אַהיים. זי האָט עס, וואָס אַן אמת, באַטראַכט אַלס אַ קנאַפּן כבוד וואָס מען קומט צו איר אַהיים, ווייל פאַר איר איז געווען זעלבסט־פאַרשטענדלעך אַז מען זאָל צו איר קומען נאָך וואַסער, ווי עס איז געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך צו זען ווי די שענסטע באַלעבאַטים פונעם שטעטל

גיין פרייטיק נאָכמיטיק אין מרחץ אַרייַן, אין דער אַלטער איינגעהויקערטער באָד וואָס האָט זיך געפונען אויף דער זעלבער גאַס, אַביסל נידעריקער צום וואַלד צו. מען מוז מודה זיין, אַז די עלישקע איז אין איר מסחר מיט „אָקרעפּ" געווען ראַיעל ביז גאָר, ווייל דאָס וואַסער איז שטענדיק געווען זידיק־הייס אין געגעבן האָט זי אַ פולן טשייניק מיט „אַ ווערך" פאַר די עטלעכע קאָפּיקעס.

אירע פיר זין האָבן געהייסן: כאַסקל, שלמה, דוד־לייב און צבי, און אַלע זעגען זיי געווען באַלעגאָלעס. דער עלטסטער איז געווען כאַסקל (מיר באַשרייבן אין אַ צווייטן קאַפּיטל פון דעם בוך) און דער מער סטאַטעטשנער, הגם אויך צו אים אין מויל האָט קיינער נישט געוואָלט אַריינפאַלן. שלמה איז געווען דער צווייטער און דער גרעסטער „ווילער יונג" פון אַלע. ער האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן און פלעגט זיך אָפּט אָנשיכורן און אַרויסרופן קריגערייען און געשלעגן. קיין פערד האָבן זיך ביי אים נישט געהאַלטן לאַנג, ווייל ער פלעגט זיי פשוט אונטערדרייסן און זיי אַוועקהרגענען. ווען בעסאַראַביע איז אַריבער צו רומעניע איז ער געוואָרן איינער פון די געוואַגטסטע קאָנטראַבאַנדיסטן און אַ באַלעגאָלע איז ער נאָר געווען לפנים. ער פלעגט אין יענער צייט קויפן די בעסטע פערד, זיי אויספּוצן מיט די שענסטע געשפּאַנען, אָבער געדויערט האָבן זיי ביי אים נישט לאַנג. פּונקט ווי דער עלטערער ברודער האָט אָפּגעהיט זיינע פערד ווי דאָס אויג אין קאָפּ און זיי זענען ביי אים שטענדיק געווען זאַט און ריין, האָט דער צווייטער, שלמה, אויסגעהונגערט זיינע פערד און זיי פשוט אומגעבראַכט. אַ פּנים האָט ער געהאַט אַ געשטופּלטס פון פּאָקן און איז זעלטן ווען געווען ניכטער. ער האָט נישט געוווּסט וואָס אַזוינס עס איז דרך־ארץ. דער אַלקאָהאָל האָט פון אים אַ סוף געמאַכט אין די מיטעלע יאָרן.

דער דריטער זון אירער, דוד־לייב, איז געווען אַ שמייסער ביים עלטערן ברודער כאַסקל. ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, האָט מען אים מאָביליזירט און ער האָט זיך שוין מער נישט אומגעקערט. איך געדענק די יללות פון דער עלישקע, ווען עס האָט זיך באַקומען די מעלדונג, אַז איר זון איז געפאַלן אויפן פראָנט. דוד־לייב איז געווען אַ הויכער מאַנספּאַרשוין — דער שענסטער פון אַלע ברידער.

דער יינגסטער פון די פיר ברידער איז געווען צבי, וועלכן מען האָט

גערופן צבי „פאַרד״, ווייל ער האָט אויפן קאָפּ געהאַט די זעקסטע מכה פון דער הגדה. ער האָט אויך געאַרבעט אַלס שמייסער ביי די עלטערע ברידער און שפּעטער, ווען ער האָט חתונה געהאַט, האָט ער ערגעץ אָפּגעקויפט אַן אַלטן פאַעטאָן, זיך איינגעהאַנדלט אַ פּאָר פערד און געוואָרן אַ באַלעגאָלע פאַר זיך. צבי האָט אויך געהאַט אַ מויל אויף שרויפן, אָבער קיין סקאַנדאַ־ליסט איז ער ניט געווען. מ׳האָט אים אויך קיינמאָל ניט געזען שיכורן.

פּונקט ווי די עלישקע האָט געהאַט דעם מאָנאָפּאָל פון דער מאַרק־זיצער״יי אין שטעטל, האָבן אירע זין געהאַט דעם מאָנאָפּאָל אויף דעם וואָס מיר וואָלטן היינט אָנגערופן „טראַנספּאָרט־וועזן״. זיי זענען געווען די איינ־ציקע באַלעגאָלעס, וואָס האָבן פאַרבונדן דאָס שטעטל מיט דער סביבה. אין דעם פּאַך זענען זיי געווען קאָרעקט, פּינקטלעך און אָרנטלעך. אין די ערגסטע וועטערן, אין די טיפסטע בלאָטעס און ווינטער אין די ווילדסטע זאַווערו־כעס, האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אַריין. זיי זענען געווען באַקאַנט מיט אַלע וועגן פון דער סביבה און מען האָט געקאָנט זיין זיכער אַז זיי וועלן טרעפן מיט צוגעבונדענע אייגן. זיי זענען געווען אויסגעבונדן מיט די פּייערים פון די אַרומיקע דערפער.

און אָט די דאָזיקע מענטשן, וואָס האָבן אין זייער באַנעמונג מיט מענטשן נישט מדקדק געווען אויפן דרך־ארץ און זענען אין אַ סך פון זייערע התנהגותן אַפילו געווען הפקר־מענטשן, זענען פונדעסטוועגן געווען דאָס וואָס מיר רופן „שטאָלצע״ ייִדן. אַז אַך און ווי איז געווען צו דעם גוי וואָס האָט געוואַגט צו זאָגן אַ שלעכט וואָרט אָדער זיך פאַרטשעפּען מיט אַ ייִדן. דער עלישקעס בנים זענען געווען די ערשטע אים מקיים פּסק צו זיין. זיי האָבן זיך בכלל נישט געלאָזט „שפּייען אין דער קאַשע״, אָבער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פאַרטיידיקן אַ ייִדן קעגן אַן אָנפאַל פון אַ גוי, האָבן זיי ממש אַרויסגעוויזן העלדישקייט. אין דעם זין, זענען זיי נישט געווען אַנדערש ווי ייִדישע האַרעפּאַשניקעס פון אומעטום, וואָס האָבן מיט מסירת־נפש פאַרטיידיקט דעם ייִדישן כבוד. אויך בנוגע ייִדישע הייליקייטן האָבן זיי אַרויסגעוויזן ממש אַן אָבערגלויבערישן רעספּעקט, הגם זיי האָבן נישט געקאָנט קיין צורת־אות.

די עלישקע מיט אירע זין — נאָך איינער פון די קאָלירן וואָס האָבן געבילדעט די מאָזאַיִק פונעם ייִדישן שטעטל.

# „ראַמעא און זשוליעטאַ“

דאָס האָט פּאַסירט אין 1921. אין אוקראַיִנע האָבן דעמאָלט געבושעוועט די באַנדעס פון פּעטליוראַ און מאַכנאָ, וואָס האָבן חרוב געמאַכט הונדערטער ייִדישע ישובים און אויסגעהרגעט הונדערטער טויזנטער ייִדן. בעסאַראַביע איז ווידער געוואָרן, ווי אין די טעג פון באָגדאַן כמעלניצקי, דער מקום מקלט פון טויזנטער ייִדן וואָס זענען געלאָפן איבערן דניעסטער אויף צו ראַטעווען זיך פון אומקום. דעמאָלט, אין די צייטן פון גזרות ת״ח, זענען ייִדן געקומען קיין בעסאַראַביע פון יענער זייט דניעסטער און האָבן פאַרלייגט דעם יסוד פון דעם ייִדישן מאַסן־ישוב און אין משך פון איבער דריי הונדערט יאָר איז ייִדן נישט איינמאָל אויסגעקומען צו לויפן איבערן דניעסטער אויף צו זוכן שוץ קעגן די אוקראַיִנישע הײדאַמאַקעס. די צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט זענען אין דעם זין געווען אַ טראַגישער דאַטום אין דער געשיכטע פון ייִדישע צרות.

אונדזער שטעטל, וואָס האָט זיך געפונען ביים ברעג פונעם דניעסטער, איז געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע פּונקטן ווו ייִדן האָבן געשמוגלט די גרענעץ. פון דער העלער הויט זענען אין דעם שטעטל פון ייִדישע האַרע־פּאָשניקעס, טיטון־פּלאַנטאַטאָרס און פּויערים, אויסגעוואָקסן געוואַגטע שמוגלערס וואָס האָבן פאַר גוט געלט אַריבערגעפירט די פּליטים איבערן דניעסטער מיטן וויסן, פאַרשטייט זיך, פון דער גרענעץ־וואַך, וואָס האָט באַקומען גוט באַצאָלט. עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן זיך נישט געקווענקלט צו האַנדלען מיט ייִדישע צרות און דערפון רייך ווערן. דער אַנגעלויף פון טויזנטער פּליטים, מיט זייער שרעק, זייער אומגעדולד ווייטער צו פאָרן, און זיך אַרויסרייסן פון דעם פאַרכישופטן קרייז פון אומלעגאַ־

ליטעט האָט באַלד געשאַפן אַ באַדן פאַר שפעקולאַציע, אויספרעסעריי און שאַנטאַזש.

די ייִדן אָבער וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט אויסניצן די צרות פון אַנדערע ייִדן, זענען געווען אַן אויסנאַם פון דעם כלל און מען האָט אויף זיי געקוקט מיט פאַראַכטונג. די ווייט־גרעסטע מערהייט פונעם שטעטל האָט אַרויסגעוויזן אַ ברידערלעכע סאָלידאַריטעט לגבי די אומגליקלעכע פּליטים און צענדליקער ייִדישע הייזער האָבן זיך בוכשטעבלעך פאַרוואַנדלט אין אומזיניקע אכסניאָס, וואָס האָבן אויפגענומען און געהאַלטן ביי זיך די אַריבערגעקומענע פון יענער זייט טייך. און געטון האָט מען דאָס, טראָץ דעם וואָס עס האָט געדראָעט אַ שווערע שטראָף מצד די אַנטיסעמיטישע רימענישע באַהערדן, וואָס האָבן זיך אויפגעפירט אין בעסאַראַביע ווי אין אַ פיינטלעכער אָקופּירטער טעריטאָריע. אויך אונדזער שטוב איז געווען איינע פון יענע וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אמתן האָטעל, ווו ייִדן האָבן געגעסן און זענען געשלאָפן אומזיסט. די מאַמע פלעגט אונדז קינדער אויס־בעטן אויפן פאַל און אונדזער געלעגער אַוועקגעבן די פּליטים. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם אומעט וואָס פלעגט אַרויסקוקן פון מיין מאַמעס אויגן אין דעם אָנבליק פון די אומגליקלעכע פּליטים. אייניקע פלעגן זיין עטלעכע טעג און דערנאָך ווייטער פאָרן, אָבער עס זענען געווען אַזעלכע וואָס זענען ביי אונדז געווען גאַנצע וואָכן, איידער זיי האָבן באַוויזן צו קאָנען פאָרן ווייטער.

אין יענער צייט, איז פון דער אוקראַיִנע אַריבערגעקומען מיין מוטערס אַ געשוויסטערקינד, וואָס האָט שפּעטער חתונה געהאַט פאַר מיין שוועסטער ביילע. ער איז געווען אַ שלאַנקער בחור מיט אַ בלאָנדער טשופּרינע און האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער סלאַוו. מיין שוועסטער, דעמאָלט אַ מיידל פון 22 יאָר, אַ שיינע ברונעטקע, האָט זיך באַלד פאַרליבט אין אים און ער אין איר און אינגיכן זענען געפּראַוועט געוואָרן תנאים. עס איז געווען, ווי מען זאָגט, אַ זיווג מן השמים. מיינע עלטערן און מיין שוועסטער זענען געווען איבערגליקלעך.

אין אַ טאָג, קומט מיין שוואָגער פון גאַס און מיט אים אַ יונג, שיין מיידל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז זיינע אַ קרובה וואָס איז די פאַריקע נאַכט אַריבערגעקומען פון יענער זייט דניעסטר און האָט מיט זיך

מיטגעבראַכט אַ גאַנצע דראַמע. איר חתן, אַ יונגער סטודענט (זי איז אויך געווען אַ סטודענטקע) האָט צוליב געוויסע אומשטענדן נישט געקאָנט קרייצן די גרענעץ צוזאַמען מיט איר און עס איז צווישן זיי אָפּגעמאַכט געוואָרן, אַז זי זאָל אַריבערגיין די גרענעץ און וואַרטן אויף אים ביי אונדז אין שטעטל ביז ער וועט אַריבערקומען. עס האָט געהייסן, אַז געדויערן דאַרף עס נישט מער ווי אַ פּאָר טעג. געהייסן האָט דאָס מיידל פאַניע און דער חתן — אַראָנטשיק.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס מיידל איז שוין געבליבן ביי אונדז אין שטוב און געשלאָפן איז זי מיט מיין שוועסטער, הגם עס איז נישט אויסגעשלאָסן אַז זי האָט צו איר געפילט אַ געוויסע אייפערזוכט, ווען זי האָט געזען ווי נאָענט און היימיש איר חתן — מיין שוואָגער — איז צו זיין קרובה. זי איז געווען אייפערזיכטיק, הגם זי האָט געוווסט אַז דאָס האַרץ פון פאַניען געהער צו דעם מיסטעריעזן אַראָנטשיק, פון וועלכן זי האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן. אינצווישן דער אַלגעמיינער דראַמע פון טויזנטער ייִדן וואָס זענען געלאָפן וווהין די אויגן האָבן זיי געטראָגן אויף צו ראַטעווען זיך פון אומקום, האָט פאַניע מיטגעבראַכט מיט זיך איר אייגענע דראַמע, אַ ליבע־דראַמע, וואָס האָט געהאַט זייער אַ טרויעריקן סוף, כמעט ענלעך אויף דער דראַמע פון שעקספּירס העלדן אין „ראָמעאָ און זשוליעטאַ“.

די ערשטע פּאָר טעג איז פאַניע געווען האָפערדיק, ווייל עס האָט געהייסן אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט איר האַרצנסגעליבטער זיין צוזאַמען מיט איר. זי האָט אונדז אַלעמען מיטגעשלעפּט מיט איר יוגנטלעכן חן און איר אָפּטימיזם און אַלע ביי אונדז אין שטוב האָבן איר ראָמאַנס מיט דעם אומבאַקאַנטן העלד איבערגעלעבט ווי עפּעס אייגנס. איך, דעמאָלט אַ בחור'ל פון אַ יאָר אַכצן, בין אַפילו געווען אַ קאַפּעטשקע פאַרליבט אין פאַניען און האָב באַוווּנדערט איר געלערנטקייט. עפּעס איז זי דאָך געווען אַ סטודענטקע, וואָס האָט געהאַט געלערנט אויפן קיִעווער אוניווערסיטעט און דער געליבטער אירער, אויף וועלכע זי האָט געוואַרט מיט אַזויפיל אומגעדולד און אַנגסט, איז דאָך אויך געווען אַ סטודענט — זאַכן וואָס זענען פאַר מיר דעמאָלט געווען הויל'ע ווונדער.

עס זענען אַריבער עטלעכע טעג און פון אַראָנטשיקן — נישט מען הערט און נישט מען ווייסט עפּעס. פאַניע האָט פאַרלוירן איר האָפערדי־

קייט און איז געוואָרן טרויעריק. מאָמענטנווייז, ווען די פּאַרצווייפלונג האָט זי צוגעדריקט, האָט זי זיך פּלוצים צעוויינט, אַז עס איז אוממעגלעך געווען זי צו באַרויקן. אַלע אין שטוב האָבן מיר מיטגעלעבט איר דראַמע און געזוכט מיט אַלע מעגלעכקייטן אויפצוהייבן איר דערשלאָגן געמיט. עס זענען אָבער אַוועק נאָך טעג און אָט זענען שוין אַריבער אַ פּאָר וואָכן און פון אַראָנטשיקן — קיין שפור נישט. דאָס מיידל איז אַריינגעפאַלן אין אַזאַ עצבות, אַז זי האָט אויפגעהערט צו עסן און מיט קיינעם קיין וואָרט נישט אייסגערעדט. מען האָט געזען אַז זי ראַנגלט זיך מיט אַ שווערן באַשלוס וואָס זי גייט אָננעמען און דער באַשלוס איז טאַקע אינגיכן געקומען.

ווען עס זענען אַריבער אַ פּאָר וואָכן און אַראָנטשיק איז נישט געקומען, האָט פאַניע אין אַ טאָג געמאָלדן מיין שוואָגער אַז זי וויל צוריקפאָרן און מען זאָל זי זען שטעלן אין קאָנטאַקט מיט די שמוגלערס. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום טענות און אַרגומענטן אַז זי שטעלט איר לעבן אין סכנה, אַז זי זאָל צוואַרטן — אפשר פאָרט וועט דער געליבטער אירער קומען. זי איז געוואָרן היסטעריש און האָט געדראָעט מיט באַגיין זעלבסט־מאָרד, אויב מ׳וועט זי נישט אַריבערשטעלן צוריק פון יענער זייט גרענעץ. מען האָט איר געמוזט צוליב טאָן און זי צונויפפירן מיט אַ שמוגלער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זי אין אַ פינצטערער נאַכט צוריק־געקרייצט דעם דניעסטער קיין קאַמענקע. ביי אונדז אין שטוב איז נאָך איר אַוועקגיין געבליבן אַ שטימונג ווי די וואָס בלייבט ווען מען נעמט אַרויס אַ טויטן אויף צו פירן אים צו קבורה. די איינציקע טרייסט אונדזערע איז געווען, אַז זי וועט זיך סוף־כל־סוף באַגעגענען מיט איר האַרצנס־געליבטן. דער גורל האָט אָבער אַנדערש געוואָלט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום, האָט זיך אַראָנטשיק באַוויזן אין שטעטל. ווען מיין שוואָגער האָט אים באַגעגנט און געבראַכט צו אונדז, האָט ער שוין געוווסט וועגן דעם וואָס עס האָט פּאַסירט מיט זיין געליבטער. עס איז נישט געווען זיין שולד וואָס עס האָט אַזויפיל געדויערט מיט זיין אַריבערקומען. אין יענע צייטן און אומשטענדן איז מען מיט גאָרנישט געווען זיכער. דער שריט פון זיין געליבטער איז פּאַר אים געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ, אָבער אויך אַ באַווייז ווי ליב זי האָט אים. עס האָט נישט געקאָנט זיין דער מינדעסטער ספק וואָס אַראָנטשיק וועט טון. זיין באַשלוס איז געקומען גיכער

ווי ביי זיין געליבטער. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער געקרייצט דעם דניעסטר קיין קאַמענקע.

אין אַ פאַרנאַכט, האָט ער זיך מיט אונדז אַלעמען געזעגנט און איז אַ שטילער אַוועק צו דעם אָרט וואָס ער האָט אָפּגערעדט מיטן שמוגלער, וואָס האָט אים געדאַרפט אַריבערפירן די גרענעץ. איך האָב אים באַגלייט ביז צום עק פונעם שטעטל און ווען מיר האָבן זיך געזעגנט בין איך נאָך אַ לאַנגע צייט געשטאַנען און נאָכגעקוקט ווי זיין סילועט האָט זיך דערווייטערט און איז פאַרלוירן געגאַנגען אין דער טונקלקייט פונעם צופאַלנדיקן אָוונט. איך האָב אים נאָכגעקוקט ביז ער איז אינגאַנצן פאַרלוירן געגאַנגען פון מיין אויג צווישן דיביימער פונעם וואַלד וואָס האָט געפירט צום ברעג פונעם דניעסטר. איך האָב אים נאָכגעקוקט און אין מיין דמיון זענען אויפגעקומען די פיגורן פון שעקספּירס צוויי פאַרליבטע העלדן, וואָס זענען אומגעקומען איבער דער שנאה פון צעקריגטע פאַמיליעס אין דער מיטלאַלטערלעכער איטאַליע. אויך דער עפּילאָג פון דער דראַמע פון פאַניען און איר געליבטן אַראָנטשיק, האָט געהאַט אין זיך עפּעס פון אַ שעקספּירישער מעשה. זי איז אויך געווען דער פּועל־יוצא פון אַ משוגענער, שלעכטער און צעקריגטער וועלט...

# דאָמנולע בוקור

אָנגעהויבן האָט זיך די געשיכטע פון דאָמנולע בוקור ערגעץ אין אַ דאָרף פון אַלט־רומעניע. דאָרט איז זי געווען ריינע אידיליע אין דער געשטאַלט פון אַ שייגעצל אין אַ לאַנג העמד פון גראָבן לייוונט מיט אַ פּאָר זייער, זייער שמאָלע גאַטקעס, וועלכע האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ פּאָר פּאָסטאַלעס. באַשעפטיקט איז ער געווען מיט דעם סאַמע נאַציאָנאַליסטן רומענישן פאַך: ער איז געווען אַ „טשאַבאַן".

אויף פּראָסט יידיש הייסט עס, אַז דאָמנולע בוקור איז אין זיין געבורטסדאָרף געווען אַ פּאַסטעך, אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט אַז ער זאָל שפּעטער מאַכן דאָס וואָס מען רופט אַ „מעטעאָרישע קאַריערע" אַלס „פּרעטשעפּטאָר" (איינמאַנער פון שטייערן) אין אַ בעסאַראַבער שטעטל, אַ יידיש שטעטל, וואָס האָט זיך געפונען ביי דער סאַמע גרענעץ מיט סאָוועט־רוסלאַנד, ביים דניעסטער.

ווייזט אויס, אַז דאָמנולע בוקור איז געווען אַן „עילוי" אויף זיין געביט, אייב ער האָט זוכה געווען אַז מען זאָל אים שיקן אַלס „פּרעטשעפּטאָר" אין דעם דאָזיקן שטעטל אַריין. די באַאַמטע וואָס די רומענישע מאַכט האָט געשיקט אין די געביטן וואָס האָבן זיך געגרענעצט מיט סאָוועט־רוסלאַנד האָבן געמוזט זיין גוט באַהאַוונט אין פאַך פון שינדן די הויט פון די איינוווינער. דאָמנולע בוקור האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דער פּאַסיקער מענטש.

אָנגעקומען איז דאָמנולע בוקור אין שטעטל אַריין שוין נישט מיט קיין לייוונטענעם העמד און גאַטקעס, אָבער די הלבשה פון אים מיט זיין הויזגעזינד, וועלכעס איז באַשטאַנען פון אַ ווייב מיט דריי קינדער, האָט געגעבן אַ גרונט צו דענקען אַז עס האַנדלט זיך וועגן אַפּשטאַמיקע פון אַ שאַטרע

ציגיינער און נישט וועגן אַ מלוכה־באַאַמטן מיט זיין פאַמיליע. אויך דאָס אויסזען זייערס האָט דערציילט אַז זיי האָבן ביז איצט נישט געלעקט קיין האָניק.

אָבער דאָס אויסזען זייערס האָט זיך שנעל געביטן, איבערהויפּט דער מראה פון דאָמנולע בוקור אַליין, וועלכן מען האָט נאָר דערקענט לויט זיינע שפּיציק־פאַרדרייטע וואָנצעס, וואָס זענען פאַרבליבן פּונקט ווי ער האָט זיי געבראַכט אין שטעטל אַריין. מען האָט באַשיימפּערלעך געזען אַז דאָס בלוט פון די ייִדישע פּנימער, וואָס זענען פון טאָג צו טאָג געוואָרן בלייכער, אויס־געצויגענער און פאַראומערטער, באַזעצט זיך ווי דורך אַ ווונדער אין דעם פעט־געוואָרענעם פּנים פון דאָמנולע בוקור, וועלכער איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן רויטער, פאַרבלאָזענער און טראַציקער.

און געוועזן איז דאָס אַ ריינער פּועל־יוצא פון דאָמנולע בוקורס ווונ־דערלעכן אינסטינקט פאַר אָריענטאַציע. נישט אומזיסט האָט ער זיינע יונגע יאָרן געפּטרט אויף צו זיין אַ טשאָבאַן, דאָס הייסט אַ פּאַסטעך פון אַ טשע־רעדע שאָף. די דערפאַרונג פון אָריענטירן די שאָף פון דער טשערעדע, מיט דער הילף פון בייזע הינט, איז אים איצט צונוץ־געקומען צום נייעם פאַך; דאָמנולע בוקור האָט געוווּסט, אַז עס זענען פאַראַן צייטן ווען מען דאַרף אָנרייצן די הינט אויף צו צוימען די טשערעדע; און עס זענען ווידער פאַראַן צייטן, ווען מען דאַרף זי איינשלעפערן מיט אויסשפּילן איר אַ „פאָרניאַלע" אויפן פייפל. און ער האָט די דאָזיקע טשאָבאַנישע פּראַקטיק אָנגעווענדעט אַלס „פּרעטשעפּטאָר" און צו נאָך אַ סך זאַכן וואָס האָבן מיטן אַמט נישט געהאַט צו טון; דאָמנולע בוקור האָט זיך אומעטום געמישט, אומעטום געזאָגט אַ דעה.

מערקווירדיק: דווקא דעמאָלט ווען עס האָט זיך אויף דאָמנולע בוקורס פּנים באַוויזן אַ שמייכעלע, האָבן די ייִדישע קרעמער און די בעל־מלאכות פּינעם שטעטל זיך דערשראָקן אויף טויט. זיי האָבן, ווייזט אויס, געהאַט אַ גרונט דערצו; דאָמנולע בוקורס מיסיע איז געווען צו צאַפּן בלוט ביי ייִדן און נישט־ייִדן מיט אַ שמייכעלע און ווען ער האָט געשמייכלט האָט עס גע־הייסן אַז ער איז געקומען איינמאָנען שטייערן.

לכתחילה, האָבן ייִדן, איבערגעשראָקענע אויף טויט פונעם טעראָר פון דעם „שעף דע פּאָסט", נישט געזאָגט דאָס מינדעסטע וואָרט און געצאָלט,

געצאָלט פונעם לעצטן, צי מען האָט יאָ געקאָנט אָדער נישט. מיט דער צייט אָבער האָט מען זיך אָנגעשטויסן אַז הינטער דאַמנולע בוקורס שמייכעלע באַהאַלט זיך עפּעס אַ סוד. דעם דאָזיקן סוד איז מען אינגיכן דערגאַנגען: דאַמנולע בוקור איז געווען אַ „גוטער״ — מען האָט ביי אים געקאָנט פועלן אַז ער זאָל „צוװאַרטן״ עטלעכע טעג און אויב מען האָט אים שטאַרק געבעטן — מער פון עטלעכע טעג. עס זענען געווען פאַרשידענע פּרייזן ביי דאַמנולע בוקור.

דאַמנולע בוקור האָט, הייסט עס, איינגעשטעלט זיין אייגענעם נוסח ווי איינצומאָנען שטייערן און ווי איז דערנאָך געווען צו דעם ייִדן וואָס האָט געוואָגט צו צאָלן שטייערן צו דער צייט. צאָלן צו דער צייט האָט געהייסן אַז דאַמנולע בוקור האָט נישט באַקומען באַצאָלט פאַר דער „טובה״ פון „צוװאַרטן״ און קיין מיטלען צו באַשטראָפן אַזאַ „רעבעל״ האָבן אים נישט געפעלט; בכל־אופן, האָט זיך שוין קיינער נישט דערוועגט צו זיין פּינקטלעך מיטן צאָלן די שטייערן און דאַמנולע בוקור האָט געהאַט אַ גרונט צו זיין צופרידן. די אַלע זאַכן צוזאַמענגענומען האָבן געבראַכט דערצו אַז דאַמנולע בוקור און סיי זיין ווייב און זיינע דריי קינדער זאָלן פון טאָג צו טאָג אַרויפנעמען וואָג און אויסזען וואָס אַמאָל שענער.

**
*

אַ שיינע, ליכטיקע וועלט האָט זיך געעפנט פאַר דאַמנולע בוקור מיטן אָנקומען אין דעם בעסאַראַבער ייִדישן שטעטל אַריין. זינט זיין קאַריערע אַלס טשאָבאַן, ווען ער פלעגט אָטעמען פרישע לופט אין פרייען פעלד, האָט ער איצט ווידער אָנגעהויבן איינצואָטעמען לופט מיט די פולע לונגען, דווקא ווען ער פלעגט אַריינקומען אין די קליינע ייִדישע קלייטלעך און פאַר־חושכטע ייִדישע הייזער; דווקא דאָס שמוציקע שטעטל מיט די קרומע, בלאָ־טיקע געסלעך האָבן אים אויסגעזען ווי די ברייטסטע האָריזאָנטן. און ער דער שוטה, האָט אַמאָל געמיינט אַז דאָס שענסטע אין דער וועלט איז אַ טשערעדע שאָף, אַ גרינע לאָנקע, אַ וואַלד, וואָס מיניעט זיך פונדערווייטנס געהיימנישפול און אַז די שענסטע מוזיק איז אַ דוינע, אויסגעשפּילט אויף אַ פּרימיטיווער הילצערנער פלייט, אַז דאָס מעכטיקסטע איז אַ ווילדער הונט,

וועלכער ליגט הכנעהדיק ביי דיינע פיס און וואַרט אַז מען זאָל אים אָנרייצן. יאָ, דאַמנולע בוקור האָט אין דעם קליינעם שטעטל אַנטדעקט זייער טשי־קאַווע זאַכן.

דאַמנולע בוקור איז געווען אַ מענטש מיט גאָר אַ סך מעלות, אָבער די גרעסטע מעלה זיינע איז געווען זיין פלייסיקייט און איינפאַלערישקייט, ווי אַזוי בעסער אויסצונוצן די דאָזיקע איינגעבוירענע מעלה זיינע. און דאָס יידישע שטעטל האָט געהאַט גאָר אַ סך אייגנשאַפטן וואָס האָבן דאַמנולע בוקורן געדינט אַלס ברייט אַרבעטס־פעלד: עס האָט זיך געפונען ביי דער סאַמע גרענעץ און ער האָט זיך באַלד אַרומגעזען אַז מיטן „צו־קנעלן" קאָן מען מאַכן בעסערע געשעפטן ווי מיט זיין אַמט, הגם ער האָט זיך אויף זיין אייגנטלעכן פאַך פון אַ שטייער־אויפמאָנער נישט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן.

דאַמנולע בוקור איז געוואָרן אַ שמוגלער, אַ קאָנטראַבאַנדיסט. בעסער געזאָגט, ער איז געוואָרן אין דער שטיל די צענטראַלע פיגור פון דעם ברייטן שמוגל וואָס איז אָנגעגאַנגען איבערן דניעסטער.

דאַמנולע בוקור, ווי מיר ווייסן שוין, האָט זיך זייער גוט אָריענטירט און ער האָט באַלד דערשמעקט אַז אויסער אים, דעם „שעף דע פּאָסט", אַ נידעריקער גוי מיטן אויסזען פון אַ כוליגאַן, און דער לאָקאָטינענט, אַן אָפיציר פון דער גרענעץ־וואַך, איז נישטאָ קיין שום אַנדער בן־אדם וואָס זאָל וואַגן צו עפענען אַ מויל, און ער האָט אָן שום אָפּציִעניִשן אָרגאַני־זירט דעם „טריִונווירַאַט", וואָס האָט אויסגעשפרייט זיין אומבאַגרענצטע הערשאַפט איבער דער גאַנצער גרענעץ־זאָנע. ער אַליין, דאַמנולע בוקור, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די „ציווילע מאַכט"; דער „שעף דע פּאָסט", די פּאָליציייִשע, און דער לאָקאָטינענט — די מיליטערישע מאַכט.

און עס איז אַוועקאַ סדרה „היטן די גרענעץ". עס איז געווען אין דער צייט פון דער גרויסער בהלהדיקער יידישער עמיגראַציע פון דער איקראַינע, ווו עס האָבן געבושעוועט די באַנדעס פון פּעטליורע און מאַכנאָ. יידן זענען ווי פון אַ שריפה געלאָפן איבערן דניעסטער אויף צו ראַטעווען דאָס לעבן און דער מענטשן־שמוגל האָט דאַן אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַק־טער, אַרומגערינגלט מיט אַ שטימונג פון פּאַניק. עס איז געווען די ריכ־

טיקע צייט אַז דאַמנולע בוקור זאָל זיך צעפּירן די הענט אין זיין „דינסט פון דער מלוכה״.

עס האָט נישט געדויערט קיין סך און דאַמנולע בוקור האָט זיך באַוויזן אין גאַס מיט אַ שפּאָגל־נייעם טכוירענעם טולופּ, מיט אַ טייערער, קאַראַקולענער קוטשמע און מיט גראָבע גאָלדענע רינגען אויף די פעטגעוואָרענע פינגער. מען האָט נישט געוווּסט פּינקטלעך פונוואַנען דער דאָזיקער טולופּ שטאַמט, אָבער עס איז נישט געווען שווער זיך אָנצושטויסן אַז ער האָט נישט געוואָקסן אויף דאַמנולע בוקורס מיסט. ער האָט זיכער געשטאַמט פון אַן אוקראַינער ייִדן וואָס האָט אים געגעבן אָוועקגעגעבן, אַבי צו ראַטעווען דאָס לעבן פון זיך און פון זיין פאַמיליע.

די זעלבע ענדערונג איז פאָרגעקומען וואָס שייך דאַמנולע בוקורס פרוי, וועלכע האָט שוין איצט געשפּילט די ראָלע פון אַ „גראַן דאַמע״, הגם יעדער איינער פונעם שטעטל האָט גוט געדענקט מיט וואָס פאַר אַ הילוך זי איז געקומען. אין אַ שיינעם טאָג איז זי אַרויס אין גאַס אַריין מיט אַ פינקל־נייעם קאַראַקולענעם סאַק, וועלכן זי האָט געטראָגן מיט אַזויפיל גאווה, אַז מען האָט געקאָנט מיינען אַז דאָס איז די קעניגן מאַריע אַליין.

און דאָס איבעריקע איז שוין געקומען פון זיך: דאַמנולע בוקור האָט אָנגעהויבן אָפּצוקויפן הייזער, גערטנער און פעלדער ביי וועמען עס האָט זיך געמאַכט — ביי ייִדן און ביי גוים. איצט האָט שוין אויסגעזען מער באַרעכטיקט דאָס אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַר אים, ווען ער איז מיט געמאָסטענע טריטעלעך דורכגעגאַנגען דעם מאַרק פונעם שטעטל; וואָס אַ טאָג האָט ער באַקומען דאָס אויסזען פון אַ מאַגנאַט און עס האָט אים גיכער געפּאַסט צו זיין אַ הויכער מלוכה־באַאַמטער, איידער אַ שטייער־אויפמאָנער אין אַ קליין, פאַרוואָרפן ייִדיש שטעטל. און צוזאַמען מיט דער אויסערלעכער ענדערונג איז אויך פאָרגעקומען אַן אינערלעכער איבערברוך ביי דאַמנולע בוקור. ער האָט זיך אויפגעהערט צו באַטראַכטן ווי אַ פּשוטער באַאַמטער אין שטעטל, נאָר דאָס שטעטל אַלס זיינעם אַ מאַיאָנטעק, אַ גוט, און זיך — אַלס דעם האַר דערפון. עס האָט זיך ביי אים געשאַפן דאָס געפיל פון אייביקייט און ער האָט אָנגעהויבן גלויבן אַז ער האָט עס באַקומען בירושה, צוזאַמען מיט דער פּריווילעגיע פון אַ האַר־פּעאַדאַל. די

דאָזיקע איינרעדעניש האָט מען געקאָנט זען פון זיין אומגעצוימטן דראַנג נאָך אומבאַוועגלעכע גיטער. עס האָט נאָר געפעלט אַז ער זאָל זיך אָנהייבן מישן אין די יידישע קהלשע געשעפטן און זאָגן איבער זיי דעות.

אָבער אין אַ שיינעם טאָג האָט זיך אָנגערוקט אַ כמאַרע אויף דאַמ־בולע בוקורס הימל: ער האָט באַקומען אַ מעלדונג, אַז מען וויל אים העכערן דעם ראַנג און אים איבערפירן צוריק קיין אַלט־רומעניע, אַלס באַלוינונג פאַר זיין „געטרייען דינסט". דאַמבולע בוקור האָט זיך פּלוצים אַרומגעזען אַז ער איז נישט מער ווי אַ פּשוטער מלוכה־באַאַמטער און מען קאָן מיט אים טון וואָס מען וויל. עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַן אויסער־געוויינלעכע שרעק. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרצווייפלטער און נישט געוווסט וואָס מען הייבט אָן צו טון. נאָר דאָס פעלט אים — מען זאָל אים צונעמען פון דעם דאָזיקן גאָלד־גרובן!

אַזוי ווי אָבער דאַמבולע בוקור איז געווען אַ מענטש מיט אַ חוש פאַר אָריענטאַציע, האָט ער זיך אויך אין דעם פאַל אָן עצה־געגעבן: ער האָט באַשלאָסן צו טון דאָס זעלבע וואָס ער הייסט טון די יידן פונעם שטעטל: באַצאָלן פאַר „צוּוואַרטן"; ער איז אַוועקגעפאָרן אַהין ווו מען האָט געדאַרפט און פאַר אַ פּאָר צענדליק טויזנט לעי געפּועלט אַז מען זאָל צוּוואַרטן מיטן באַלוינען אים פאַר זיין „טרייען דינסט" און דאָס העכערן דעם ראַנג אָפּלייגן אויף אַ צווייטער געלעגנהייט. דערווייל, הייסט עס, האָט ער קיין חשק נישט צו פאַרלאָזן זיין באַשיידענע שטעלע אין דעם אָרעמען יידישן שטעטל „מיט וועלכן ער האָט זיך זייער גוט איינגעלעבט".

דאַמבולע בוקור האָט באַצייטנס אָפּגעשריגן די גזרה פון העכערן אים דעם ראַנג און פון דעמאָלט אָן איז ער אַרומגעגאַנגען אַ זיכערער אויף גאָטס וועלט און „טריי געדינט דער מלוכה" אויף זיין אַלטער שטעלע. יעדעס מאָל, ווען עפּעס אַ נאַיוון באַאַמטן האָט זיך פאַרגלוסט צו באַלוינען אים פאַר זיין טרייען דינסט און אים העכערן דעם ראַנג, וואָס האָט במילא געמיינט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, האָט ער באַצאָלט עטלעכע טויזנט לעי און געפּועלט אַז מען זאָל צוּוואַרטן. איצט האָט ער שוין באמת באַקומען דאָס געפיל פון אייביקייט. דער וועג צום גליק איז געווען אויסגעטראָטן און עס האָט אויסגעזען אַז עס איז נישטאָ די קראַפט וואָס זאָל דערשיטערן דאַמבולע בוקורס זיכערקייט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די לעצטע פּאַזע פון דאָמנולע בוקורס געשיכטע וועלן מיר אייך מוזן דערציילן אויף „אויסנווייניק", ווייל מיר זענען נישט געווען אין דעם בעסאַראַבער יידישן שטעטל ווען ער האָט פון דאָרט געמוזט עוקר זיין. מיר שטעלן זיך פאָר אַז ער איז פון דאָרט אַנטלאָפן אַן אָנגעפּרעסענער און מיט אַ סך אָנגערויבטן פאַרמעגן, אָבער מיט אַ גרויסן ווייטיק אין האַרצן, ווייל ער האָט אַ סך פון דעם אָנגערויבטן האָב־און־גוטס געמוזט איבערלאָזן.

ווילט איר, נעמט די דאָזיקע געשיכטע ווי די פון איין מענטשן און אויב איר ווילט דווקא, קאָנט איר זי אָנמעסטן אויפן גאַנצן רומענישן באַאַמטנטום, וועלכעס האָט צווישן ביידע וועלט־מלחמות געשאַלטעט און געוואַלטעט אין די בעסאַראַבישע יידישע שטעטלעך. נישט אומזיסט האָט מיין טייערע אַלטע היים אַזויפיל געקרענקט און איז איינגעטריקנט געוואָרן אין משך פון דער דאָזיקער צייט: אַפילו איר שפּעדיקע נאַטור האָט נישט געקלעקט אויף אַזויפיל, וויפיל די בוקורס האָבן פון איר געצאַפּט און אויסגעקוועטשט.

# מיין לערער

צווישן די מענטשן וואָס איך קאָן קיינמאָל נישט פאַרגעסן, פאַרנעמט אַ גרויס פּלאַץ מיין לערער שמאי גרינשפּון. איך גלויב, אַז איך וועל נישט איבערטרייבן, ווען איך וועל זאָגן, אַז ער האָט געהאַט אויף מיר אַן אַנט־שיידענע השפּעה אַלס מיין מחנך און מורה־דרך. ביז צו אים האָב איך געלערנט ביי אַלט־פרענקישע מלמדים, וואָס האָבן אין מיר איינגעפלאַנצט די הייליקע תורה לויט דעם גוט־באַקאַנטן נוסח פונעם יידישן חדר; שמאי איז געווען דער, וואָס האָט מיך אַריינגעפירט אין דעם היכל פון דער מאָדערנער יידישער דערציִונג. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אין מיר דערוועקט דעם דראַנג צו וויסן, האָט ביי מיר אַרויסגערופן דעם דורשט צו לייענען אַ דורשט וואָס איז נאָך עד־היום נישט געשטילט — און ביי אים האָב איך טאַקע דערוואָרבן אַ סך פון דעם וואָס איז מיר שפּעטער צונוץ־געקומען אויף צו דערקענען דאָס יידישע און נישט־יידישע לעבן. אין פאַרשידענע לענדער — פאַרייניקטע שטאַטן, ישראל, מערב־אייראָפּע און לאַטיין־אַמעריקע — געפינען זיך אייניקע פון מיינע שול־חברים וואָס, ביז איך זיכער, דערמאָנען זיך אין אים מיט די זעלבע גע־פילן וואָס איך — געפילן פון דאַנקבאַרקייט און פאַרערונג.

געשטאַמט האָט שמאי פון אַ קליין שטעטל פון אוקראַינע, אויפן לינקן ברעג דניעסטער, און איז ביי אונדז אין שטעטל געווען לערער היבשע עטלעכע יאָר. איך אַליין האָב ביי אים געלערנט קנאַפּע דריי יאָר צייט. ער איז געווען אַ טיפּיש־יידישער אינטעליגענט פון סוף פאַריקן און אָנ־הייב איצטיקן יאָרהונדערט, מיט אַ גרויסן באַגאַזש בילדונג און קולטור. ער האָט גרינטלעך באַהערשט העברעיִש און רוסיש — פון יידיש איז דאָך

אָפּגערעדט — און איז געווען אַ שאַרפער קענער פון תנך און תלמוד. הגם די שול זיינע איז געווען אַ פּריוואַטע, האָט ער אין איר אָנגעווענדעט די מאָדערנע תקנות פון דער פּעדאַגאָגיע און האָט מיט אונדז געלערנט לויט אַ גוט־אָנגעצייכנטער פּראָגראַם. ביי אים האָב איך אָנגעהויבן לער־נען העברעיש, דיקדוק, קאָמפּאָזיציעס, תנך, אין דעם בעסטן זינען פון וואָרט, און אויך אַ „בלאַט" גמרא. ער האָט מיט אונדז געלערנט אויך רוסיש, און אַ גאַנצע רייע אַנדערע געביטן, ווי אַריפמעטיק, געשיכטע אאַז"וו.

ווען איך האָב ביי אים געלערנט, איז שמאי שוין געווען אַ מענטש פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק און — אַ בחור. ער איז געווען אַ צוריק־געצויגענער מענטש און אין די פרייע שעהן פלעגט ער לייענען אָדער גיין שפּאַצירן ביים וואַלד, ווו די פּאַנאָראַמע איז אויף מיילן אַרום געווען אַ פּרעכטיקע. ער איז געווען פאַרליבט אין דער נאַטור. ער איז געווען פון די געציילטע אין שטעטל וואָס האָט באַקומען די „הצפירה", וועלכע ער פלעגט מיר געבן לייענען און מיר טאַקע אָנווייזן וואָס איך זאָל לייענען. די צייטונגען פלעגט ער זאַמלען און זיי זענען ביי אים געלעגן צונויפגעפ־לייגט אין אַ מוסטערהאַפטן סדר, גלייך עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין ווער־טפולסטע וואָס פאַר אַ יקר־המציאותן. ער איז בכלל געווען אַ מענטש מיט אַ שטרענגן לעבנס־סדר און אונדז — די תלמידים זיינע — האָט ער אויך דערצויגן צו זיין בסדר — דיסציפּלינירט.

נאָכן האָבן געלערנט עטלעכע יאָר ביי אַלטפרענקישע מלמדים, איז שמאי מיט זיינע מעטאָדן געווען פאַר מיר אַן אַנטפּלעקונג. ווען ער האָט מיט אונדז געלערנט, איז ער נישט געזעסן, נאָר פלעגט אַרומגיין איבערן צימער און דיקטירן די לעקציע אָדער דערקלערן. זיינע מעטאָדן זענען געווען די פון אַ „חדר מתוקן" און צייטנווייז פלעגט ער זיך דערלויבן צו באַשטראָפן אַ תלמיד מיט דער ווירע איבער די הענט, ווען מען האָט אים אַרויסגעבראַכט פון די כלים. בדרך־כלל אָבער, איז ער געווען אַ מאָדער־נער לערער אין דעם בעסטן זינען פון וואָרט, וואָס האָט זיך באַמיט מדריך צו זיין דעם תלמיד דורך אויפקלערונג. ביי אים האָב איך צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן געניסן פון הפסקות, עטלעכע מאָל אין משך פון דער לערן־צייט. אָפטמאָל, פלעגט ער מיט אונדז מאַכן שפּאַצירן און אויספלוגן אי־בער די פעלדער און אין וואַלד און אונדז דערקלערן זאַכן וואָס זענען פאַר

אונדז געווען אמתע רעוואָלוציעס. ער האָט אונדז געלערנט נישט נאָר די לימודים וואָס האָבן פיגורירט אין די ספרים אָדער ביכלעך, נאָר אויך די געבאָטן פון דרך־ארץ און פון ליבע צום יידישן לעבן. מיר זענען, פאַר־שטייט זיך, געווען צו־יונג אַז מיר זאָלן באַגרייפן אַלץ וואָס ער האָט זיך באַמיט אין אונדז איינצופלאַנצן, אָבער איך בין זיכער אַז דאָס וואָס ער האָט אין אונדז פאַרזייט, האָט געגעבן גוטע פרוכטן.

איך האָב שמאין גוט געקענט, ווייל ער האָט אַ פּאָר יאָר געלערנט אין אונדזערער אַ צווייטער שטוב, וועלכעס מען האָט גערופן דאָס „שטיבל". אַן איינזאַמער מענטש, פלעגט מיין מוטער אים צוזען מיט אַ לעפל גע־קעכטס און מיט אַ ריין פּאָרל וועש. קיין פּענסיאָן האָט מען דאָס נישט געקענט אָנרופן און על־פּי־רוב, בין איך געווען דער שליח מיט וועמען די מאַמע פלעגט אים שיקן דאָס עסן און די וועש. איך בין דעריבער געווען מיטן שמאין עפּעס מער ווי אַ לערער מיט אַ תלמיד. מיר זענען געווען עפּעס אַזוינס ווי חברים און אַ סך מאָל פלעגט ער זיך צו מיר ווענדן ווי צו זיינס גלייכן. ער האָט פון מיר געהאַלטן אויך דערפאַר וואָס איך האָב געהאַט, ווי ער פלעגט זאָגן, אַ „גוט קעפּל" און אַ סך מאָל האָט ער מיר געהייסן אויפקלערן אַנדערע תלמידים זאַכן וואָס זיי האָבן נישט תופס געווען. פאַר מיר איז אַזאַ אויסטיילונג געווען אַ דערהויבונג, אָבער — ביי אַנדערע פלעגט עס אַרויסרופן קנאה, כאָטש איך בין דאָ גאָרנישט שולדיק געווען.

מיין לערנען ביי שמאין, האָט זיך פאַרענדיקט אויף אַ ספּאָנטאַנעם און דראַסטישן אופן. דאָס האָט פּאַסירט אין דעם טאָג וואָס עס האָט אויס־געבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה אין יאָר 1914. עס איז געווען אין אַ דאָנערשטיק פאַרנאַכט. דער לערער האָט אונדז פלוצים איבערגעלאָזט און איז אַרויסגעגאַנגען אין גאַס אַריין, פאַר אונדז תלמידים אָן אַ שום סיבה, ווייל ער פלעגט זעלטן אַוועקגיין אין דער צייט פונעם לערנען. אין אַ האַלבער שעה אַרום איז ער צוריקגעקומען, אַ בלייכער, אַ צעטומלטער, מיט אַ פינצטער אויסזען און מיט אַ ציטערדיקער שטימע געמאָלדן אונדז אַז מאָרגן זאָלן מיר נישט קומען אין שול אַריין, ווייל ער מוז אַוועקפאָרן. הגם די בשורה אַז מיר דאַרפן נישט קומען אין שול אַריין האָט געדאַרפט ביי אונדז אַרויסרופן פרייד, האָט זי אָבער ביי אונדז אַרויסגערופן טרויער,

כאָטש מיר האָבן ניט געוווּסט אין וואָס ס׳האַנדלט זיך. מיר האָבן דערפילט אַז עפּעס נישט גוטס, אַז עפּעס שרעקלעכס איז געשען. מיר האָבן עס אָראָפּגעלייענט פון אונדזער לערערס פּנים. ער האָט אונדז תיכף געהייסן אַהיימגיין און איך, וואָס בין געבליבן מיט אים, האָב געזען ווי ער האָט שוין גענומען איינפּאַקעווען זיינע זאַכן און זיך גרייטן אין וועג אַריין.

די סיבה איז געווען אַ פּשוטע: שמאַי איז געווען פון די וואָס זענען מאָביליזירט געוואָרן און ער האָט אויף צומאָרגנס זיך געדאַרפט צושטעלן צום אָנגעוויזענעם זאַמל־פּונקט. אויף צו מאָרגנס, פרייטיק פאַרטאָג, איז ער, צוזאַמען מיט אַנדערע מאָביליזירטע אָפּגעפאָרן קיין ריבניצע, ווו עס האָט זיך געפונען דער זאַמלפּונקט פונעם ראַיאָן. ווען ער האָט זיך גע־זעגנט מיט אונדזערע בני־בית האָט ער געוויינט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע און איינציקע מאָל וואָס איך האָב מיין לערער געזען וויינען.

דאָס האָט פּאַסירט אין די ערשטע טעג פון חודש אָב — אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז דאָס געווען אין תשעה־באב — און איך בין דעם זמן שוין געבליבן אָן אַ לערער און אַרומגעגאַנגען, ווי מען פלעגט ביי אונדז זאָגן, בטל. פאַר אַ יאָט אין מיינע יאָרן — איך בין דעמאָלט אַלט געווען עלף יאָר — איז דאָס געווען ווי געוווּנטשן. מיין גאַנצע כיתה איז אַרומגעגאַנגען בטל און מיר האָבן זיך דעם זומער געלאָזט ווילגיין, אָוועק אויף אויספלוגן אין וואַלד אַריין, זיך געבאָדן אין „נעסטער" אָדער אָוועק אין פעלד אַריין ווו מיר האָבן צעלייגט שייטערס און געבראָטן יונגע פּאַפּושויעס. די דאָזיקע שפּילעכצער זענען מיר אָבער נישט איינ־געגאַנגען. כאָטש איך בין געווען צו־יונג אויף צו פאַרשטיין, האָב איך אינטים געפילט די דראַמע פון מיין לערער. אין שטעטל אַריין האָבן אָנ־געהויבן אָנקומען טרויעריקע מלחמה־ידיעות, עס האָבן זיך אומגעקערט פאַרוווּנדעטע און פון איניקע האָט מען געמאָלדן אַז זיי זענען דערהרגעט געוואָרן. פון שמאַין האָבן מיר גאָרנישט געוווּסט, ער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין. פאַר מיר אָבער, האָט שמאַי נישט אויפ־געהערט צו זיין אַ רעאַלער ענין, ווייל איך האָב אין זיך געפילט זיין השפעה אויף טריט און שריט. ער האָט אין מיר פאַרפלאַנצט דעם דראַנג צו לייענען און וואָס מער איך האָב געלייענט, איז ער שטאַרקער געוואָרן, דער דאָזיקער באַגער. שפּעטער, איז דער דאָזיקער דראַנג מיר צונויף־

געקומען, ווייל דער איינציקער אויסוועג פאַר דער ייִדישער יוגנט פון מיין דור — דער דור וואָס האָט איבערגעלעבט צוויי וועלט־מלחמות — איז געווען די זעלבסטבילדונג.

די מלחמה האָט זיך געענדיקט, עס האָט אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע און פון שמאי גרינשפון — קיין וואָרט נישט. אין 1918, איז בעסאַראַביע אָפּגעריסן געוואָרן פון רוסלאַנד און איז אַריבער צו רו־מעניע. שמאי איז פאַר מיר געוואָרן אַ ווייטע פאַרגאַנגענהייט וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו ווירקן אין מיר, אָבער די געשטאַלט זיינע איז — ווי עס איז דער שטייגער — געוואָרן וואָס אַמאָל מער פאַרגאַנגענ־הייט, וועלכע מען הייבט אָן צו באַטראַכטן אַלס אַ מין אונטערגעצויגע־נעם חשבון. אונטער די נייע אומשטענדן, האָב איך אַפילו נישט געוואַגט צו גלייבן אַז איך וועל נאָך ווען עס איז אַמאָל זען מיין געוועזענעם לערער. איך האָב אַפילו אָנגעהויבן גלויבן אַז ער געפינט זיך מער נישט צווישן די לעבעדיקע.

*****

עס איז אָבער, ווייזט־אויס, באַשערט געווען אַז איך זאָל זיך נאָך באַגעגענען מיט מיין לערער פון די קינדער־יאָרן. פּאַסירט האָט עס אין 1925, ווען איך האָב געדינט אין דער רומענישער אַרמיי אין אַ שטאָט פון דער פּראָווינץ דאָברוזשאַ, מיטן נאָמען טשערנאַ וואָדאַ, ביים דונאַי. פאַרנדיק אַהיים אויף אורלויב, בין איך געשטאַנען אויפן יאַסער וואָקזאַל און געוואַרט אויף אַ צוג וואָס זאָל מיך פירן קיין בעלץ. אָנגעטאָן בין איך, פאַרשטייט זיך, געווען אין סאָלדאַטסקע קליידער און געשטאַנען צווישן אַ פרעמדן געזעמל מענטשן וואָס האָבן, ווי איך, געוואַרט אויף דער באַן. ווייניקער ווי אַלץ וואָלט מיר אין דעם מאָמענט געווען איינ־פאַלן צו באַגעגענען אַ היימיש פּנים צווישן דער דאָזיקער פרעמדער מאַסע, אַ באַלאָדענע מיט פּעק, רענצלעך און אַלערליי רייזע־מכשירים.

פּלוצים, האָט מיר אין די אויגן אַריין אַ פלייץ־געטון די וואַרעמקייט פון אַ היימיש פּנים: שמאי גרינשפון. אין ערשטן מאָמענט האָט עס מיר אויסגעזען ווי אַ מיראַזש, אומגלויבלעך. ער מיך, וואָלט זיכער נישט געווען דערקענט; איך אים, האָב באַלד דערקענט. ער האָט זיך כמעט ווי

נישט געענדערט, אַביסל פאַרעלטערט, אָבער דאָס זעלבע פּנים. ווען איך האָב אים אַ רוף־געטון ביים נאָמען און ער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר, האָט ער מיך לכתחילה טאַקע נישט דערקענט. ווען איך האָב אים געזאָגט מיין נאָמען, איז ער געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער. ער האָט נישט געגלויבט זיינע אויגן. מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און צע־קושט. די באַגעגעניש איז אָבער געווען אַ קורצע. איך האָב אין עטלעכע מינוט אַרום געדאַרפט נעמען די באַן קיין בעלז און ער די באַן קיין בוקאַרעשט. ער איז געפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע, לויט אַ וויזע פון דער קוואָטע וואָס איז אים אָנגעקומען. נישט ער און נישט איך האָבן געהאַט צייט עפּעס צו דערציילן פון די עלף אָפּגעלאָפענע יאָרן. מיר האָבן זיך דעמאָלט געזעגנט אויף שטענדיק. אין משך פון דער גאַנצער רייזע אַהיים, האָב איך מיך געפונען אונטער דעם שטאַרקן איינדרוק פון דער דאָזיקער אויסטערלישער באַגעגעניש. באַשערט געווען אַז איך זאָל נאָך איינמאָל זען מיין אַלטן לערער פון דער קינדהייט.

איך בין זיכער אַז אויך ער האָט זיך לאַנג געפונען אונטערן רושם פון זיין באַגעגעניש מיט זיין תלמיד, וואָס דערמאָנט זיך שטענדיק אין אים מיט טיפער ליבע און פאַרערונג.

# מלחמה

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך געענדערט די שטימונג פונעם שטעטל. איך בין דעמאָלט געווען אַ קינד פון עלף יאָר, אָבער איך געדענק גוט די ענדערונג וואָס די מלחמה האָט אַריינגע־בראַכט. עס שטייט מיר ווי קלאָר פאַר די אויגן דאָס בילד פון שרעק און פּאַניק וואָס דער באַפעל פון מאָביליזאַציע האָט אַרויסגערופן און די שטימונג פון פאַרצווייפלונג וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן שטעטל מיטן אָפּפאָר פון די מאָביליזירטע. דער באַפעל איז אַראָפּגעפאַלן ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג אין אַ דאָנערשטיק נאָכמיטיק און אויף צו־מאָרגנס, פרייטיק פאַרטאָג, זענען די מאָביליזירטע אָפּגעפאָרן צו דער באַן־סטאַנציע. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיי אַרויסבאַגלייט ווי די פאַר־משפּטע צום טויט און די קולות און געוויינען פון זייערע נאָענטע האָבן געשפּאָלטן די הימלען. נאָך זייער אָפּפאָר, איז אין שטעטל געבליבן אַ טרויעריקע ליידיקייט און אַ שטימונג פון דערוואַרטונג — וואָס וועט ווייטער זיין ?

פאַרן גרעסטן טייל איינוווינער, איז דער אויסברוך פון דער מלחמה געווען אַן אומדערוואַרטעטע געשעעניש, אָבער פאַר אייניקע איז דאָס נישט געווען קיין נייעס. די וואָס האָבן געלייענט צייטונגען — אין גרעסטן טייל אינטעליגענטן וואָס האָבן באַקומען די „הצפירה“ אָדער רוסישע בלעטער — האָבן זיך געריכט אויפן אויסברוך פון דער מלחמה און איצט איז ביי זיי בלויז געווען אַ פראַגע וויפל זי וועט געדויערן. אַלס קליינער יאָט, האָב איך ליב געהאַט זיך צוצוהערן צו די וויכוחים וואָס זענען געפירט געוואָרן צווישן עולם, וואָס פלעגט זיך אויסשטעלן אין רעדלעך אין גאַס. עפּעס

האָב איך אָנגעהויבן צו הערן נייע ווערטער, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט נישט געהאַט געהערט קיינמאָל. איך האָב געהערט נעמען פון מענטשן וואָס זענען פאַר מיר געווען רזין דרזין, נעמען ווי פראַנץ יאָזעף, ווילהעלם, הינדענבורג, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, און ווערטער ווי אָפענסיווע, אָקו־פּאַציע, פּאָזיציעס, אולטימאַטום; שווערע ווערטער, וואָס איך האָב נישט געוווּסט זייער טייטש, וואָס זענען נישט אַראָפּגעגאַנגען פון די ליפּן פון די וואָס האָבן נישט אויפגעהערט צו דיסקוטירן און שפּאַרן זיך וועגן די נייע געשעענישן.

פאַרשטייט זיך אַז קיינער האָט נישט געגלויבט אַז די מלחמה וועט געדויערן מער ווי דריי חדשים, העכסטנס — פיר אָדער פינף. די דאָזיקע איינרעדעניש האָט זיך פאַרשטאַרקט, ווען די רוסן האָבן אָנגעהויבן מעלדן וועגן אומאויפהערלעכע דערפאָלגן אויפן עסטרייכישן פראָנט. צום ערשטן מאָל האָב איך דעמאָלט דערהערט די ווערטער גאַליציע, קאַרפּאַטן און נעמען פון שטעט וואָס האָבן מיר אויסגעזען צו געפינען זיך פון יענער זייט הרי חושך. די „סטראַטעגן" און די „פּאָליטיקער", האָבן אין די דאָזיקע דערפאָלגן געזען אַ באַשטעטיקונג פאַר זייערע נביאותן אַז „איידער מען וועט זיך אומקוקן" וועלן די רוסן פאַרנעמען ווין און די מלחמה וועט זיך ענדיקן „פראַנץ־יאָזעף" וועט זיך „אונטערגעבן".

די דאָזיקע אָפּטימיסטישע נביאותן האָבן אָנגעהאַלטן, ביז עס האָט אָנגעהויבן אומגיין אויף אַלעמענס ליפּן אַ ניי וואָרט: „פּרעמישל". דאָס דאָזיקע וואָרט, אַ נאָמען פון אַ שטאָט אין גאַליציע, האָט זיך מיר איינ־געקריצט אין זכרון, ווייל עס איז אין משך פון וואָכן און חדשים געווען אין אַלעמענס מויל. די רוסן זענען אַזוי לאַנג געלאָפן אין גאַליציע, ביז זיי זענען צוגעקומען צו פּרעמישל, וווּ עס האָט זיך געפונען אַ באַרימטע פעסטונג, און דאָ זענען זיי געבליבן שטיין. די וויכוחים צווישן די שטעטל־דיקע „סטראַטעגן" האָבן זיך איצט געדרייט אַרום איין וואָרט: „פּרעמישל". געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַלטן אַז „פּאַניע" וועט נעמען פּרעמישל איינס און צוויי און דערנאָך איז פאַר אים אָפן דער וועג קיין ווין, און אַנדערע זענען געווען איבערצייגט אַז ביי פּרעמישל האָט זיך עס געענדיקט — ווייטער גייט ער נישט!

די דאָזיקע אָפּטימיסטישע נביאותן האָבן אָנגעהאַלטן עטלעכע וואָכן,

ביז מען האָט דערהערט אַ ניי וואָרט: גערמאַניע. דייטשלאַנד איז אַריין אין קריג מיט רוסלאַנד און די „סטראַטעגן" פונעם שטעטל האָבן גענומען רעדן אַנדערע ווערטער. איצט האָט מען אָפטער דערמאָנט דעם נאָמען הינדענבורג און „מערב־פראָנט". און געשמועסט האָט מען אַז אויף דעם דאָזיקן „מערב־פראָנט" גייט עס די רוסן נישט אַזוי גוט. כאָטש די אָפּי־ציעלע קאָמוניקאַטן האָבן זיך באַמיט פאַרצושטעלן אַ ליכטיק בילד, האָט מען „עקסטרא־אָפּיציעל" גערעדט אַז די רוסישע אַרמייען כאַפּן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער, אַז עס זענען דאָ טויזנטער דערהרגעטע און פאַרוווּנ־דעטע (געראַניעטע, האָט מען געזאָגט) און אַז גאַנצן פּאָלקן גיבן זיך אי־בער אין „פּלען" צו די דייטשן, אָן אַ ווידערשטאַנד. דער ריכטיקער פּחד פאַר דער מלחמה האָט זיך ערשט איצט אָנגעהויבן.

די מלחמה האָט ווי צוגערויבט די אידילישע שטימונג פון דעם שטעטל און וואָס אַ טאָג איז די ווירקלעכקייט געוואָרן האַרטער, טרוקענער. עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען בריוו פון מאָביליזירטע, אין וועלכע עס זענען באַשריבן געוואָרן די גרוילן פונעם קריג. פון אייניקע מאָביליזירטע האָט מען אינגאַנצן אויפגעהערט באַקומען בריוו און דאָס איז געווען דער ערש־טער סימן אַז עס האָט מיט זיי געטראָפן עפּעס שרעקלעכס. דערנאָך האָבן זיך באַקומען אָפיציעלע בריוו פון זייערע פּאָלקן אַז זיי זענען געפאַלן „העלדיש" פאַרן „פאָטערלאַנד". דער ערשטער איז „געפאַלן העלדיש" ישראל בלעכער, וועלכער האָט איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט פינף קליינע קינדער. שפּעטער איז אָנגעקומען אַ מעלדונג אַז דוד־לייב דער עלישקעס, אַ בחור ווי אַ סאָסנע, וואָס האָט קורץ פאַר דער מלחמה געענדיקט די „סלוזשבע" ביי פאָניען און איז געווען פון די ערשטע מאָביליזירט צו ווערן, איז דערהרגעט געוואָרן. ביז היינט צו טאָג געדענק איך דעם יאָמער פון זיין מוטער, וואָס האָט געוווינט אויף דער זעלבער גאַס וואָס מיר. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן פאַרוווּנדעטע פונעם פראָנט. דער ערש־טער האָט זיך אומגעקערט מאיר בוניעס, אַ קצב, וואָס איז געקומען מיט אַ צעשאָסענער האַנט און שטעטל איז אים געגאַנגען אָנקוקן אויף חידושים, גלייך ער וואָלט געקומען פון יענער וועלט. ביז היינט שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס בילד, ווי ער איז געזעסן ביי זיך אין שטוב מיט דער באַנדאַ־זשירטער האַנט צווישן אַ געזעמל מענטשן און נישט אויפגעהערט דער־

ציילן וועגן די פּחדים פון דער מלחמה. דאָס איז שוין נישט געווען קיין ויכוח צווישן די ליידיקגייער וועגן דער מלחמה, נאָר די מלחמה אַליין, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן און צעשטערט די געמיטלעכע שטימונג פון דעם קליינעם רויִקן שטעטל.

אַ צווייטער גרוס וועגן דערווירקלעכקייט פונעם קריג, זענען געווען די בעזשענצעס. אין אַ שיינעם טאָג זענען אין שטעטל אַריין פאַרפּאַרן עטלעכע פורן מיט יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט די שרעק און די פּיין פון נע־ונד. דאָס זענען געווען יידישע איינוווינער וואָס זענען דורך די רוסן עוואַקויִרט געוואָרן פון די שטעטלעך פון בוקאָווינע און מען האָט זיי אָפּגעשיקט וואָס ווייטער פונעם פראָנט, צו דרום צו. די דאָזיקע פאַמיליעס, באַזונדערס פון די שטעט כאָטין, נאָוואָסעליצע, זוואַנעץ און אַנדערע שטעטלעך פון צפון־בעסאַראַביע און בוקאָווינע, האָבן איצט אַרומגעוואַנדערט מיט זייער ביסל האָב־און־גוטס ווי די ציגיינער איבער די וועגן און געזוכט אַ מקום־מנוחה. אַ טייל פון די דאָזיקע פּליטים זענען געקומען אויך אין אונדזער שטעטל און געבראַכט מיט זיך דעם צער פון יידישן וואַנדער. זייערע אויגן זענען געווען פול מיט שרעק פון די איבערלעבונגען, אַ שרעק וואָס האָט זיך אַריינגעריסן ווי אַ וואָרענונג אין דעם געמיט פון די שטעטלשע איינוווינער, וואָס האָבן זיך געפונען ווייט פונעם פייער. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך געזען יידן וואָס האָבן אויסגעזען אַנדערש ווי די יידן פון אונדזער שטעטל און גערעדט מיט אַן אַנדער שפּראַך.

צו אונדז אין שטוב אַריין, האָט די מלחמה נישט געגרייכט באַלד ביים אָנהויב. מיין פאָטער איז דעמאָלט געווען אַ מענטש אין די פערציקער און דער מאָביליזאַציע־באַפעל האָט אים נישט באַרירט. קיין גאַנצע טרייסט איז דאָס אָבער נישט געווען, ווייל מיין עלצטער ברודער, ראובן, האָט שוין געהאַלטן ביים אַלט ווערן צוואַנציק יאָר און געשמועסט האָט מען, אַז מען וועט אָנהייבן נעמען יינגערע צום מיליטער־דינסט. די מאַמע האָט שוין באַצייטנס אָנגעהויבן צו קרעכצן און זיפצן און מיר האָבן געפילט אַז די טראַגעדיע פון דער מלחמה הייבט אָן אויך אַריינדרינגען צו אונדז. עס האָט קיין סך נישט געדויערט און עס איז געקומען די ריי פון מיין ברודער צו שטעלן זיך צום פּריזיוו. מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן

מאַכן זיך אַ פּעלער, ווי דער גרעסטער טייל ייִדישע יונגעלייט האָבן געטון, בכדי נישט צו גיין אין קריג. אָבער מיין ברודער האָט דערפון ניט געוואָלט הערן. דאָס איינציקע אויף וואָס ער איז איינגעגאַנגען איז „אָפּצוציִען זיך״, דאָס הייסט אויפהערן עסן, רויכערן אַ סך און נעמען געוויסע מיטלען, פון וועלכע ער זאָל ווערן מאָגערער און פאַרלירן וואָג. אין שטעטל זענען דעמאָלט אַנטשטאַנען גאַנצע קרייזלעך פון יונגעלייט וואָס האָבן זיך „אָפּגעצויגן״ אויף אַ געמיינזאַמען אופן דורך נישט עסן, נישט שלאָפן דורך די נעכט, רויכערן אַ סך, טרינקען שטאַרקע טיי און דורך אומגיין איבער די פעלדער, בערג און טאָלן.

עס האָט נישט געהאָלפן. מען האָט מיין ברודער „אָפּגעגעבן״ אַלס סאָלדאַט און ער איז אַוועק דינען. די שטימונג פון דער מלחמה, וועלכע מיר האָבן ביז דעמאָלט געפילט פונדערווייטנס, האָט זיך אַריינגעריסן צו אונדז אין שטוב אַדיין מיט איר גאַנצער גרויזאַמקייט. די מאַמע האָט איר עלצטן זון אַרויסבאַגלייט ווי מען באַגלייט איינעם אַרויס צו דער תליה און מיט זיין אָפּפאָרן איז אונדזער שטוב געוואָרן פול מיט צער און פּיין.

מען האָט מיין ברודער געשיקט דינען קיין קיִעוו און דער טאַטע האָט אים באַגלייט. ער איז געפאָרן מיט דער האָפענונג צו קאָנען אים באַפרייען מיט געלט, אָבער ער האָט זיך אומגעקערט נאָך מער טרויעריק ווי ווען ער איז אַוועקגעפאָרן. עס איז געווען ווינטער־צייט, ווען דער גאַנצער אַרום איז געווען פאַרשיט פון אַ געדיכטן שניי און דער פראָסט האָט אַלץ פאַרקאָוועט. נאָך אַ פּאָר וואָכן צייט פעלן פון דער היים, האָט זיך דער טאַטע אומגעקערט מיט דער טרויעריקער בשורה אַז עס איז אומעגלעך געווען צו באַפרייען מיין ברודער. ראובן איז איצט געווען אַ סאָלדאַט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די שווערע פּרשה פון וואַרטן אויף בריוו. אַלע טאָג פלעגט מען גיין אין „פּאָטשט״ פרעגן אויף אַ בריוו און דער באַאַמטער האָט געהאַט איין ענטפער: „מען שרייבט״. דאָס איז געווען זיינער אַ וויץ אַזאַ מיט וועלכן ער האָט „געטרייסט״ די וואָס האָבן געהאַט עמיצן אין דער מלחמה און האָבן געוואַרט אויף בריוו. אויך דער בריוטרעגער, אַ שייגעץ אַ גראָביאַן, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַלס דאָס אויבערשטע פונעם שטייסל, האָט איבערגענומען דעם דאָזיקן פוילן וויץ און פלעגט ענטפערן: „מען שרייבט״. דאָס האָט ער אַזוי אָפּגעחוזקט פון די וואָס האָבן געהאַט זייערע

בענער אָדער זין אין סאַמע פייער פונעם קריג און האָבן פון זיי דער־וואָרט אַ ידיעה.

נאָך עטלעכע וואָכן איינאיבונג, האָט מען מיין ברודער אָפּגעשיקט אויפן מערב־פראָנט, ערגעץ ביי דווינסק. מיר האָבן פון אים באַקומען אַ פּאָר בריוו אין וועלכע ער האָט באַשריבן די גרוילן פון דער מלחמה און דערנאָך — מער אַ וואָרט נישט פון אים. די מאַמע האָט נישט אויפגעהערט יאָמערן און מיר אַלע צוזאַמען מיט איר. מען האָט זיך געפּרוווט טרייסטן מיט דעם וואָס אויך אַנדערע באַקומען נישט קיין בריוו, אָדער באַקומען נישט אָפט, אָבער קיין מיטל צו שטילן דעם טיפן צער איז דאָס נישט געווען. מיר האָבן אָנגעהויבן גלויבן אַז אונדזער ראובן איז אומגעקומען. וויל, וואָס דען קאָן זיין די סיבה פון זיין שווייגן? שיקט זיך, אַז ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער געלאָזט אַריבערגיין אַזאַ צייט און נישט אָנ־שרייבן אַ בריוול, עטלעכע ווערטער כאָטש וועגן זיך?

די דאָזיקע שטימונג האָט געדויערט עטלעכע וואָכן, ביז אין אַ שיי־נעם טאָג האָט זיך געעפנט די טיר פון אונדזער שטוב און ראובן האָט זיך באַוויזן. עס האָט געהייסן אַז מען האָט אים געגעבן אורלויב אויף אַ פּאָר וואָכן און ער האָט אַפילו געוויזן אַ פּאַפּיר אַז מען האָט אים גע־געבן „אָטפּוסק״, אורלויב הייסט עס. צו אונדזער אַלעמענס פרייד איז גאָר קיין גרענעץ נישט געווען, אָבער פון מיין ברודערס פּנים האָט זיך נישט אָפּגעטאָן די מינע פון זאָרג. מען האָט געקענט דערקענען אַז עפּעס מאַ־טערט אים און ענדלעך האָט ער עס אונדז אויסגעזאָגט: ער איז געקומען מיט דעם פעסטן באַשלוס זיך נישט אומצוקערן. די מלחמה איז צו שרעק־לעך אַז ער זאָל זיך אומקערן אויפן פראָנט. ער וועט זיך אויסבאַהאַלטן, ער וועט ווערן אַ „האָז״, ווי עס זענען דעמאָלט געווען טויזנטער יונגע־לייט, וואָס פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן פון נאַטשאַלסטווע, בכדי נישט צו גיין אויפן פראָנט. מיר האָבן געוווסט מיט וויפל סכנה דאָס אויסבאַהאַלטן זיך שמעקט, אָבער קיינער האָט נישט געהאַט קיין האַרץ צו זאָגן עפּעס אַנדערש. נאָך די פּאָר וואָכן פון „לעגאַלן״ אורלויב, איז מיין ברודער געוואָרן אַ „האָז״.

דער סוף איז געווען אַ טרויעריקער: אין עטלעכע וואָכן אַרום איז פאַרגעקומען אַ שטרענגע אַבלאַווע. אַן אָפּטיילונג זשאַנדאַרן אויף פערד

זענען אַראָפּגעקומען אין שטעטל און דורכגעטענישטערט ווי ערגעץ אַ לאַך. מיין ברודער איז געווען פון די ערשטע געכאַפּט צו ווערן און עס האָט אים געדראָעט אַ מיליטעריש געריכט פאַר דעזערטירן. אַנשטאָט שטעלן אים פאַר אַ געריכט, האָט מען אים תיכף אָפּגעשיקט אויפן פראָנט, אויף די ערשטע ליניעס. ווידער האָט זיך ביי אונדז אין שטוב אָנגעהויבן די פּיין פון וואַרטן אויף אַ בריוו פון אים. מיר פלעגן פון אים באַקומען בריוו מיט די באַשרייבונגען פון די מוראדיקע שלאַכטן אין וועלכע ער באַטייליקט זיך. פון יעדן בריוו האָט זיך געטראָגן דער ריח פון בלוט, פון שוועבל און פייער. יעדער בריוו האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ תפילה, אַז נאָר גאָט זאָל באַשיצן און באַשירמען פון די סכנות וואָס לויערן אויף טריט און שריט.

סוף 1916 איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע אַז ער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין דער רעכטער האַנט און אַז ער איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַ לאַזאַרעט קיין פּעטראָגראַד, וווּ ער ליגט איצט. די דאָזיקע ידיעה האָט ביי אונדז אין שטוב אַרויסגערופן אַ נייעם געיאָמער, אָבער אויך אַ פאַרלייכטערונג. עס איז פאַר אונדז קלאָר געווען אַז ראובן וועט שוין פאַרבלייבן אַ קאַליקע, אָבער ער איז געווען אויסער געפאַר. די ערשטע בריוו פונעם שפּיטאָל זענען צו ערשט געווען אַלאַרמירנדיקע, ווייל די ווונד איז געווען אַ געפערלעכע. עס האָט געדראָעט מיט אַמפּוטירן די האַנט; אָבער ער האָט געהאַט מזל אַריינצופאַלן אין די הענט פון אַ ייִדישן דאָקטער, וואָס האָט אויסגעמיטן די אַמפּוטאַציע דורך אַ גאַנצער רייע שווערע אָפּעראַציעס. שפּעטער זענען די בריוו געוואָרן פרייליכערע. ער איז שוין געווען אויסער געפאַר. ער איז אין דעם דאָזיקן שפּיטאָל געליגן אַכט חדשים און האָט דורכגעמאַכט די רעוואָלוציע פון 1917 וואָס האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם צאַר.

אין משך פון דער דאָזיקער צייט, האָט זיך די מלחמה אַריינגעריסן צו אונדז אין שטוב אויך פון אַ צווייטער זייט: מען האָט מאָביליזירט מיין פאָטער און צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע צענדליק ייִדן אים אָוועקגעשיקט אויף אַרבעט הינטערן פראָנט אין גאַליציע. זעקס וואָכן צייט האָבן מיר פון אים גאָרנישט געוווּסט. אין אַ שיינעם טאָג איז ער צוריקגעקומען אַ מידער, אַ פאַרשוואַרצטער און מיט טרויעריקע גרוסן וועגן דעם וואָס ער

פאַליק לערנער

האָט זיך אָנגעזען אין די חרובע יידישע שטעטלעך פון גאַליציע. דער טאַטע האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אייניקע ספרים פון די גאַנצע הויפנס וואָס האָבן זיך אין די דאָזיקע פאַרוויסטע שטעטלעך געוואַלגערט אין די גאַסן צווישן די דאָזיקע ספרים איז געווען אַ „קרבן מנחה" וואָס מיין מוטער האָט געהאַלטן ווי אַ יקר־המציאות אַלס אָנדענק פון יענער צייט, ווען אויך אין אונדזער געמיטלעכן שטעטל האָט די מלחמה אַריינגעבראַכט די שטי־מונג פון שרעק און צער.

# רעוואָלוציע

אין פעברואַר פון 1917 האָט אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו דער דינאַסטיע פון די ראָמאַנאָווס. ווען די רע־וואָלוציע האָט אויסגעבראָכן, בין איך נאָך נישט אַלט געווען קיין גאַנצע פערצן יאָר, אָבער איך בין שוין געווען גענוג באַוווסטזיניק צו פאַרשטיין די גרויסע באַדייטונג פון דער דאָזיקער געשעעניש. יידישע קינדער פון די אַמאָליקע ישובים אין מזרח־אייראָפּע זענען גיך רייף געוואָרן, סיי דורך די לעבנס־אומשטענדן און סיי דורך דער דערציִונג וואָס זיי האָבן באַקו־מען. די מלחמה, מיט איר האַרטער ווירקלעכקייט, האָט נאָך מער צוגע־איילט די רייפקייט פונעם יידישן קינד און אויף אים אַרויפגעצוווּנגען איבערלעבונגען וואָס האָבן אים פרי געמאַכט פאַר אַ דערוואַקסענעם מענטשן.

אין שטעטל אַריין, איז די ידיעה וועגן דער רעוואָלוציע אָנגעקומען ווי אַ ווייטער אָפּקלאַנג פון געשעענישן וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ערגעץ אין מאָסקווע, פּעטראָגראַד, קיִעוו, אָדעס און אַנדערע וויכטיקע שטעט פון דער גרויסער רוסישער אימפּעריע. עס האָט זיך אָבער אַזוי געמאַכט, אַז אונדזער שטוב איז געוואָרן אַ מין „אינפאָרמאַציע־צענטער“ וועגן די גע־שעענישן פון דער „ערשטער קוועלע“, אַזוי צו זאָגן. מיין ברודער ראובן איז בעתן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע געליגן אין אַ שפּיטאָל אין פּעט־ראָגראַד, דער צענטער פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, און די בריוו וואָס מיר האָבן פון אים באַקומען, זענען געווען אמתע אינפאָרמאַציע־ביור־לעטינען וועגן די קאַמפן וואָס האָבן זיך דאָרט אָפּגעשפּילט. ווען עס פלעגט אָנקומען פון אים אַ בריוו, איז זי אומגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט איבערן גאַנצן שטעטל און אַפילו די מער־אויפגעקלערטע פונעם שטעטל,

די אַזוי־גערופענע אינטעליגענטן, וואָס האָבן געלייענט צייטונגען, האָבן די דאָזיקע בריוו באַטראַכט אַלס יקר־המציאותן. עפּעס זענען זיי דאָך געקומען פון איינעם פון די וואָס האָט זיך געפונען „ביים סאַמע צאַפן”. איין קלייניקייט פעטראָגראַד! דער דאָזיקער נאָמען האָט אין יענעם מאָמענט געקלונגען ווי דער העכסטער אויסדרוק פון גרוואַגטקייט און העלדישקייט און אַלע האָבן געפילט עפּעס ווי אַ הייליקן ציטער בלויז ביים דערמאָנען אים. די געוועזענע פעטערבורג פון די ראָמאַנאָווס, וואָס האָט ביים אויסברוך פון דער מלחמה געביטן איר נאָמען, ווייל פעטערבורג האָט געקלונגען צו דייטשיש, איז איצט געווען דער סימבאָל פון דער פרייהייט און דעמאָקראַטיע וואָס מען האָט צוגעזאָגט דעם רוסישן פאָלק. פאַר ייִדן איז דאָס געווען דער אָנהייב פון גלייכע בירגערלעכע רעכט, פון מער חשיבות און פון אַזעלכע פרייהייטן, וועגן וועלכע ייִדן האָבן ביז דאַן אַפילו נישט געקאָנט חלומען אין רוסלאַנד. פעטראָגראַד האָט פלוצים אויפגעהערט צו זיין פאַרבאָטן פאַר ייִדן און איז פאַר זיי געוואָרן דער אויסדרוק פון אמתער גאולה.

מען האָט געדאַרפט געבוירן ווערן און לעבן אין דער צאַרישער רוסלאַנד אַלס ייִד, בכדי צו האָבן אַ ריכטיקע השגה וועגן דער שטימונג וואָס האָט דעמאָלט געהערשט צווישן ייִדן אין רוסלאַנד. דאָס שטעטל, הגם אַ קליין פאַרוואָרפן מקום, ווייט פון די גרעסערע צענטערן, האָט אָבער פאַרמאָגט אַ נישט־גרויסע, אָבער גוט־ראַפינירטע אינטעליגענץ, דערצויגן אויף דער רוסישער ליטעראַטור און קולטור, וואָס האָט דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אויפגענומען ווי אירע אַן אייגענע זאַך, הגם די מערהייט פון איר, קינדער פון דער שטעטלשער גבירישאַפט, האָט נישט געהאַט צו דערוואַרטן קיין גוטס פון דער רעוואָלוציע. קיינער האָט אָבער אין די ערשטע מאָמענט נישט דערוואַרט קיין מאַטעריעלע נוצן פון דער רעוואָלוציע. דער גענוס אַליין פון געפינען זיך אין אַ באַפרייטער רוסלאַנד, וואָס האָט איבער דריי הונדערט יאָר זיך געפונען אונטער דער דעספּאָטיע פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע; די פּערספּעקטיוו פון אַ רוסלאַנד אָן גזירות און פּאָגראָמען קעגן ייִדן; די האָפענונג אויף אָן אָרדענונג פון דעמאָקראַטיע און בירגערלעכע פרייהייט, דאָס אַלץ איז געווען גענוג אַז אַלע זאָלן

זיך געפינען ווי אין אַ צושטאַנד פון עכטן גליק, אין אַ מין פּערמאַנענטער יום־טובדיקער שטימונג.

פּונקט ווי ביים אויסברוך פון דער מלחמה מיט קנאַפּע דריי יאָר צו־ריק, האָט מען איצט אָנגעהויבן הערן נייע ווערטער און נייע נעמען. פאַר מיר, אַ יינגל פון קנאַפּע פערצן יאָר, וואָס האָב ערשט אָנגעהויבן צו לייע־נען וואָס עס איז מיר געקומען אין דער האַנט אַריין, זענען די דאָזיקע ווערטער און נעמען געווען פולשטענדיק אומבאַקאַנט און — דערפאַר אַזוי מיסטעריעז־אָנרעגנדיק. ביז דעמאָלט האָב איך קיינמאָל נישט גע־הערט דעם נאָמען קערענסקי, אַ נאָמען וואָס איז נישט אַראָפּ פון קיינעמס ליפּן. לויט דעם פלאַץ וואָס דער דאָזיקער נאָמען האָט פאַרנומען אין די אומאויפהערלעכע געשפּרעכן און דיסקוסיעס וואָס די רעוואָלוציע האָט אַרויסגערופן, איז ביי מיר אויסגעקומען אַז דער דאָזיקער קערענסקי איז דער איינציקער פון וועמען עס איז אָפּהענגיק דער גורל נישט נאָר פון רוסלאַנד, נאָר פון דער גאַנצער וועלט. מיין אינטויציע פון אַ פילבאַר קינד האָט מיך נישט אָפּגענאַרט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די רעוואָלוציע איז אַזוי געווען אידענטיפיצירט מיטן נאָמען קערענסקי, אַז ווען די פראָוויזאָרישע רעגירונג האָט דערנאָך אַרויסגעלאָזט אַ נייע געלט־עמיסיע, האָט מען די באַנקנאָטן אַ נאָמען געגעבן „קערענסקיס". די דאָזיקע נייע באַנקנאָטן זענען געווען קליינע פּאָזיטלעך און האָבן אַפילו מיט זייערע לעבעדיקע קאָלירן געגעבן אָנצוהערן אַז אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג. שפּעטער זענען די דאָזיקע באַנקנאָטן געוואָרן די טראַגעדיע פון טויזנטער מענטשן אין בעסאַראַביע, ווייל מיט דער רומענישער אָקו־פּאַציע האָבן זיי פאַרלוירן יעטווידע ווערט. למען האמת, דאַרף מען זאָגן אַז מען האָט צו די דאָזיקע „קערענסקיס" נישט געהאַט קיין צו גרויסן צוטרוי אויך פאַר דער צייט וואָס בעסאַראַביע האָט געהערט צו רוסלאַנד און דער עולם פלעגט זיך נאָך קלאַמערן אין די צאַרסקע פּאָזיטן וואָס האָבן אויסגעזען צו זיין אייביק. עס האָט דאָ געשפּילט אַן אַנטשיידנדיקע ראָלע נישט נאָר די טראַדיציע פון יאָרהונדערטער נאָר אויך דער נישט־אַרויסגעזאָגטער פאַרדאַכט אַז די רעוואָלוציע וועט ווייט נישט אָנציִען און די אַלטע אָרדענונג וועט זיך אומקערן, אַ זאַך, פאַרשטייט זיך, וואָס קיינער האָט נישט געוואָלט.

אויב אין שטעטל האָט די רעוואָלוציע אַרויסגערופן אַ פרייד וואָס האָט נישט געהאַט קיין מאַטעריאַליסטישן אונטערשלאַק, האָט זי אין דער אַרומיקער דאָרפישער סביבה שוין גראָד יאָ געהאַט איר חומרדיקן פאַר־וואָס. די ייִדן פונעם שטעטל האָבן זיך סתם געפרייט מיט דער פרייהייט און די רעכט וואָס די רעוואָלוציע האָט זיי געבראַכט; די פויערים האָבן זיך געפרייט מיט עפּעס וואָס איז געווען אַ סך ממשותדיקער: די נייע רעגירונג האָט צוגעזאָגט צו צעטיילן די פּריצישע ערד צווישן די פויערים. אין אונדזערע קאַנטן, איז אַ פויער וואָס האָט פאַרמאָגט פינף „פאַלשעס" ערד, געווען פאַרעכנט אַלס אַ רייכער „גאָספּאָדאַר". אַ פויער מיט צען „פאַל־שעס" איז געווען עפּעס אַזוינס ווי אַ „גוטבאַזיצער". עס זענען געווען צענדליקער טויזנטער פויערים וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט קיין שפּאַן ערד, הגם זייערע אורעלטערן זענען געווען ערדאַרבעטער. פון דער צווייטער זייט, זיינען געווען פּריצים, גוטבאַזיצער, וואָס האָבן פאַרמאָגט טויזנטער דעסיאַטין ערד, וועלדער, מאַיאָנטקעס, רייכע פערד־שטאַלן און פּאַלאַצן. דער בעסאַראַבער פויער, ווי די גרעסטע טייל פויערים אין דער צאַרישער רוסלאַנד, איז געווען צופיל צוריקגעשטאַנען און דערשלאָגן, אַז ער זאָל מאַכן רעוואָלוציעס, אָבער טיף אין זיין געמיט האָט אייביק געברויזט דער פּראָטעסט קעגן דער דאָזיקער אומגערעכטיקייט פון ערדלאָזיקייט פון איין זייט און פון ריזיקע ערד־גיטער וואָס זענען איינגעשטאַנען אין די הענט פון איינצלנע מענטשן.

די רעוואָלוציע האָט צוגעזאָגט צו צעטיילן די פּריצישע ערד צווישן די פויערים און דאָס האָט געווירקט ווי אַ כישוף אויפן געמיט פון די אַרומיקע דאָרפסלייט. ווי דער שטייגער איז פון פויערים, האָבן זיי זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי צום גאַנצן עסק; פאַרן צוריקגעשטאַנענעם, דער־שלאָגענעם פויער איז דאָס געווען צו גוט, אַז עס זאָל זיין אמת. קיין צייטונגען האָט מען אין די דערפער נישט געלייענט און דאָס שטעטל איז געווען די איינציקע קוועלע ווו מען האָט זיך געקאָנט עפּעס דערוויסן. פלעגן פויערים קומען און ביי זייערע באַקאַנטע ייִדן זיך נאָכפרעגן. דאָס שטעטל, אַליין אַ פאַרוואָרפענער העק און ווו אַלץ וואָס מען האָט געוווּסט וועגן דער רעוואָלוציע האָט געשטאַמט פון קלאַנגען און בויך־סברות, איז

ביי זיי געווען די ערשטע קוועלע פון אינפאָרמאַציע. ביי די פויערים איז געווען איינגערעדט נישט אַנדערש, אַז ייִדן ווייסן אַלץ, זיי מוזן וויסן.

שפּעטער, האָט די רעוואָלוציע זיך באַוויזן ביי אונדז אין שטעטל אין דער געשטאַלט פון — מיין ברודער ראובן. מען האָט אים אויסגע־שריבן פונעם שפּיטאָל אין פּעטראָגראַד, ווו ער איז געלעגן אַכט חדשים צייט און ער איז אַהיימגעקומען. מיט זיין קומען, האָט ער ממש מיטגע־בראַכט דעם אָטעם פון דער רעוואָלוציע, נישט נאָר מיט דעם וואָס ער האָט זיך אָנדערציילט וועגן דעם וואָס ער האָט פּערזענלעך געזען אין פּעטראָגראַד, וועגן די גאַסן־קאַמפּן, אַרבעטער־מאַניפעסטאַציעס, גאַסן־מיטינגען און אַנדערע געשעענישן מיט וועלכע די ערשטע טעג, וואָכן און חדשים זענען געווען רייך, נאָר אויך מיט זיין אויסזען. ער איז גע־קומען אַ באַפּוצטער מיט רויטע לענטעס. דער אַרבל פון דער לינקער האַנט איז געווען אַרומגענומען מיט אַ רויטן אָרעמבאַנד, מיט אויפשריפטן פון עפּעס אַן אָרגאַניזאַציע, אין רעכטן לאַץ האָט ער געהאַט אַ רויטן שלייף און דער דעניק פונעם סאָלדאַטסקע היטל איז געווען באַצירט מיט רויטן. עס האָט פון אים געברויזט מיט רעוואָלוציע און אין שטעטל איז ער אויפ־גענומען געוואָרן שיעור נישט אַלס איינער פון די וואָס האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם צאַר און אַרויפגעזעצט קערענסקין. ער, וואָס אַן אמת, האָט נישט געהאַט וואָס צו דערציילן וועגן קיין פּערזענלעכע העלדישקייטן, אָבער דאָס וואָס ער האָט דערציילט, אַפילו פון וואָכן און חדשים צוריק, איז פאַרן שטעטל געווען פרישע, צאַפּלדיקע נייעס וועגן דער רעוואָלוציע. עפּעס איז ער דאָך אַליין געווען אין פּעטראָגראַד און עס געזען מיט די אייגענע אויגן!

דאָס אָבער האָט נישט געקאָנט פאַרמינערן די פּערזענלעכע טראַגעדיע פון מיינע עלטערן, ווען ער איז אַהיימגעקומען. די רעוואָלוציע האָט דעם שטעטל געבראַכט פרייד און האָפענונג, אָבער זיי האָט זי געבראַכט אַ זון אַ — קאַליקע. מיין ברודער איז פון פּעטראָגראַד געקומען שוין אַן אויסגע־היילטער, אָבער די לינקע האַנט איז ביי אים געווען אינגאַנצן אַ חרובע. זי איז אין סאַמע מיטן פון דער דלאָניע דורכגעשאָסן געוואָרן פון אַ „דום־דום"־קויל און זי האָט אים אויפגעריסן די גאַנצע אויסערלעכע זייט פון דער האַנט, וואָס האָט איצט אויסגעזען ווי אַ שוידערלעכע פאַרצויגענע

ווונד. דריי פינגער האָט ער אינגאַנצן נישט געקאָנט מער אויסבייגן און האָט זיי אייביק געטראָגן אויסגעשטרעקטע, ווי אַ זכר לחורבן. איבער דער גאַנצער אויבערשטער זייט פון דער האַנט, ביז צום עלנבויגן, האָט ער געהאַט אַ רויטן גראָבן שראַם, פון די שווערע אָפעראַציעס וואָס מען האָט אים געמאַכט, בכדי צו ראַטעווען פון אַמפּוטאַציע. דאָס איז געווען די איינציקע טרייסט פון מיינע עלטערן; ער האָט געקאָנט אַהיימקומען מיט אַן אָפּגעשניטענער האַנט. ער האָט שטענדיק דערמאַנט צום גוטן דעם יידישן דאָקטער פון דעם שפּיטאָל, וואָס האָט אים געראַטעוועט די האַנט.

אַלס אַ טייל פון אַ פּראָווינץ וואָס האָט געהערט צו דער גרויסער רוסישער אימפּעריע האָט דאָס שטעטל מיטגעלעבט די ערשטע פרייד און די עמאָציעס פון דער אויסגעבראָכענער רעוואָלוציע. די האָפענונג אויף מער פרייהייט און רעכט, האָט אויך אָנגעשטעקט די באַשיידענע איינוווי־נער פון דעם פאַרוואָרפענעם יידישן שטעטל אין בעסאַראַביע. סך־הכל עטלעכע חדשים האָט די דאָזיקע פרייד געדויערט. אין רוסלאַנד האָבן די געשעענישן זיך אויסגעוויקלט אין זייערע ווייטערדיקע עטאַפּן און ענדע־רונגען, אָבער פאַר בעסאַראַביע איז די רעוואָלוציע מיטאַמאָל געוואָרן אַן אָפּגעשלאָסן קאַפּיטל. די רומענישע אַרמיי האָט באַזעצט בעסאַראַביע און זי אָפּגעשניטן פון רוסלאַנד. די רומענישע אָקופּאַציע איז פאַר אונדז געווען אַ שפּאָגל־נייע דערשיינונג, אָבער וועגן דעם דאַרף מען דערציילן באַזונדער.

# אָקופּאַציע

אַלס אַ טייל פון דער רוסישער אימפּעריע, האָט בעסאַראַביע איבערגעלעבט דעם האַניק־חודש פון דער רוסישער רעוואָלוציע און האָט מיטגעמאַכט אַלע גילגולים פון דער דאָזיקער איבערקערעניש, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די געמיטער פון דעם דאָזיקן ריזיקן לאַנד, וואָס האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קייטן פון אַ הונדערט־יעריקער אַבסאָלוטיסטישער הערשאַפט. איך זאָג „האָניק־חודש“, ווייל אַזוי טאָקע האָבן אויסגעזען די ערשטע וואָכן און חדשים פון דעם יאָר 1917, אין וועלכן דער אַלטער צאַרישער רעזשים האָט באַקומען דעם טויטקלאַפּ. די האַרטע ווירקלעכקייט פון דער רעוואָלוציע איז געקומען שפּעטער. די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש, דער בירגערקריג, די שווערע איבערלעבנישן וואָס די קאַמפן און ענדערונגען האָבן מיט זיך געבראַכט פאַר צענדליקער מיליאָנען מענטשן אין רוסלאַנד, האָט בעסאַראַביע שוין אָבסערווירט פונדערווייטנס. אין 1918, האָט די רומענישע אַרמיי אָקופּירט בעסאַראַביע און זי האָט אויפגעהערט זיין אַ רוסישע פּראָווינץ.

די רומענער זענען אַריינגעקומען קיין בעסאַראַביע ווי „באַפרייער“ אָבער געווען איז דאָס איינע פון די שוידערלעכסטע אָקופּאַציעס וואָס מען קאָן זיך אויסמאָלן. די פּראָווינץ האָט זיך געפונען איבער הונדערט יאָר אונטער רוסלאַנד, האָט אין אַ גרויסער מאָס אַבסאָרבירט דעם רוסישן לעבנסשטייגער, געאָטעמט מיט דער רוסישער קולטור און זיך באַטראַכט אַלס אַ טייל פונעם רוסישן פאָלק. הגם דאָס פאָלקס־לעבן פון בעסאַראַביע איז לויט דער שפּראַך און לויט דעם דאָרפישן נוסח געווען אַן אויטענטיש מאָלדאַוואַנישס, איז אָבער דאָס שטאָטיש־בירגערלעכע לעבן געווען

אויפן עכט־רוסישן שטייגער. קעשענעוו, די הויפּטשטאָט פון בעסאַראַביע איז געווען אַ טיפּישע רוסישע פּראָווינץ־שטאָט, מיט אַ באַדייטנדיקער רוסישער אינטעליגענץ און אויך די קלענערע שטעט, די אַזויגערופענע „אויעזדן" ווי בעלץ, סאָראָקע, בענדער, כאָטין, אורהיעוו און אַנדערע, זענען געווען רוסישע שטעט לויט דער קולטור און דעם לעבנסשטייגער.

די רומענער זענען אַריינגעקומען קיין בעסאַראַביע אין 1918 מיט דעם פעסטן באַשלוס צו „ראָמאַניזירן" די פּראָווינץ וואָס גיכער. די דאָזיקע אַקציע האָבן זיי אָנגעהויבן אויף צוויי אופנים: דורך פאַרמירן אַ בעסאַראַבישן באַאַמטן־קלאַס מיט געשאַפענע אינטערעסן, מיט אַ פּאַטריאָטישן אונטערשלאַק, און — דורך פּשוטן טעראָר. בעסאַראַביע, וואָס איז די גאַנצע צייט פון דער מלחמה געווען רעלאַטיוו ווייט פון די ערטער ווו די אייגנטלעכע דראַמע פונעם קריג האָט זיך אָפּגעשפּילט, האָט פון דער העלער הויט דערפילט אויף אירע אייגענע פּלייצעס דעם שווידער פון אַן אָקופּאַציע־אַרמיי, וואָס האָט זיך אויפגעפירט אויף אַ מערדערלעכן אופן קעגן דער אָרטיקער באַפעלקערונג. דער מינדעסטער רומענישער באַאַמטער, אַ פּשוטער סאָלדאַט, אַ שרייבערל פון אַ קאַנצעלאַריע, האָט זיך אויפגעפירט אויף זיין פּאָסטן ווי אַ זעלבסטהערשער. פאַר דער באַפעלקערונג פון בעסאַראַביע האָט פּשוט אויפגעהערט צו עקזיסטירן אַזאַ זאַך ווי געזעץ און אַלע, אָן אויסנאַם, זענען געווען אויסגעשטעלט צו דעם ווילקיר און צו דער הפקרות פון דער אָקופּאַציע־מאַכט.

ביים פאַרנעמען בעסאַראַביע, האָבן די רומענער זיך געפילט דאָפּלט „באַרעכטיקט" צו דעם דאָזיקן דראַסטישן רעזשים וואָס זיי האָבן איינגעפירט. קודם־כל, האָבן זיי דאָך „באַפרייט" בעסאַראַביע, זיי האָבן אָפּגענומען „זייער" פּראָווינץ, האָבן זיי געהאַט, לויט זייער אינטערפּרעטאַציע, די פולע רעכט צו טון וואָס זייער האַרץ גלוסט; צווייטנס, זענען זיי געקומען קיין בעסאַראַביע מיט דער הייליקער מיסיע איינצופירן „אָרדענונג" אין אַ פּראָווינץ וואָס האָט דורכגעמאַכט כמעט אַ יאָר צייט רוסישע רעוואָלוציע און איז געווען אָנגעשטעקט מיט „געפערלעכע אידעען". האָט זיך טאַקע די ערשטע צייט פון דער רומענישער אָקופּאַציע אויסגעצייכנט מיט מאַסן אַרעסטן, פּייניקונגען און עקזעקוציעס איבער „באַלשעוויסטישע עלעמענטן". ווען די רומענער זענען אַריינגעקומען קיין בעסאַראַביע, האָבן

איך מיך געפֿונען אין דער קרייז־שטאָט סאָראָקע און איך געדענק אַז די ערשטע נאָטע פֿון זייער אַריינקומען אין שטאָט אַריין, איז געווען דאָס אַרעס־טירן הונדערטער מענטשן, פֿון וועלכע עטלעכע צענדליק זענען דערשאָסן געוואָרן „אויפֿן באַרג״, אָן אַ שום פּראָצעס, אויף דער מסירה אַז זיי זענען געווען אַקטיוו אַלס באַאַמטער אָדער פּאָליטישע טוער אין דער צייט פֿון דער רעוואָלוציע.

פֿאַרן שטעטל, איז די רומענישע אָקופּאַציע געווען ממש אַ דערשי־טערנדיקע ענדערונג. אויב די נייע מאַכט איז געווען אַ שטרענגע אין אַנ־דערע געביטן פֿון דער אָקופּירטער פּראָווינץ, האָט זי אין דער זאָנע וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט רוסלאַנד ממש געבושעוועט מיט אַן אומדער־הערטער ווילדקייט. דאָ, אין דער גרענעץ־זאָנע, איז יעדער „שעף דע פּאָסט״ (פּאָליציי־קאָמיסאַר) געווען דער וואָס האָט באַשלאָסן וועגן דעם לעבן און טויט פֿון גאַנצע ישובים. יעדער סאָלדאַט פֿון דער גרענעץ־וואַך האָט זיך געפֿילט ווי אַ הערשער און יעדער „פּרעטשעפּטאָר״ (שטייער־אויפֿמאָנער) האָט געשאַלטעט און געוואַלטעט אָן אַ מאָס און אָן אַ גרענעץ. די גאַנצע זאָנע האָט זיך געפֿונען אין אויסנאַם־צושטאַנד און ווען עס איז נאָר נאַכט געוואָרן, האָט מען שוין נישט געטאָרט אַרויסגיין פֿון שטוב. די נייע מאַכטהאָבער האָבן ממש אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק אויף דער באַפֿעל־קערונג און די פּויערים, הגם זיי זענען לויט זייער עטנישער אָפּשטאַ־מונג און לויט דער שפּראַך געווען נאָענט פֿון די רומענער, האָבן פֿון דעם ערשטן מאָמענט אָן געפֿילט צו זיי אַ שרעקלעכע שנאה און זיי האָבן ביי זיי נישט געהאַט קיין אַנדער נאָמען ווי „ציגאַני״ (ציגיינער). עס פֿלעגן פֿאָרקומען אָפֿטע קאָנפֿיסקאַציעס פֿון תבואה און בהמות און פֿאַרן מינ־דעסטן אויסבאַהאַלטן האָט מען די פּויערים געשמיסן און עס זענען אַפֿילו פֿאָרגעקומען דערשיסונגען. די פּויערים האָבן די „ליבע־דער־קלערונגען״ פֿון די אָקופּאַנטן צו זייערע „ברידער״ פֿון בעסאַראַביע אויפֿגענומען פּשוט ווי אַ חוזק.

עס איז אָנגעקומען אַ ביטערע צייט. נאָך די האָניק־חדשים פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע, האָט דאָס שטעטל זיך דערפֿילט ממש ווי אין אַ טורמע. אַלע חלומות וועגן פֿרייהייט און רעכט זענען איבער נאַכט צע־שוווּמען געוואָרן און האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן אמתן קאָשמאַר פֿון

מורא און שרעק פאַרן מאָרגן. מיט דעם דניעסטר אַלס גרענעץ, איז דאָס שטעטל פלוצים אָפּגעשניטן געוואָרן פון אַ גרויסן טייל פון דער סביבה פון וועלכער עס האָט געצויגן חיונה און דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן. דערצו זענען די ערשטע יאָרן פון דער רומענישער אָקופּאַציע געווען יאָרן פון שלעכטער גערעטעניש אין בעסאַראַביע און צום ערשטן מאָל האָבן מיר אָנגעהויבן פילן דעם טעם פון מאַנגל און אין אַ סך פאַלן, אַפילו הונגער. אַ גרויסן טייל פון דער תבואה, פלעגט די אָקו־פּאַציע־מאַכט קאָנפיסקירן און צאָלן נישטיקע פרייזן מיט איר דעוואַלויר־טער וואַליוטע, און די פויערים האָבן די רומענער באַטראַכט ווי אַ קללה פונעם הימל.

דאָס שטעטל האָט זיך איצט געפונען ביי דער גרענעץ. פון יענער זייט דניעסטר האָט מען אָנגעזען די שליאַכן וואָס האָבן געפירט צו דער גרויסער רוסישער טעריטאָריע, ווו עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט די אַנטשיידנדיקע קאַמפן פון דער רעוואָלוציע. באַענט צו דער גרענעץ האָט קיינער נישט געקאָנט צוגיין אַפילו און מען פלעגט פונדערווייטנס בלויז קוקן אַהין, ווו עס זענען פאָרגעקומען די קאַמפן וואָס האָבן געמאַכט געשיכטע. קיין דיי־רעקטע ידיעות וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אין רוסלאַנד האָט מען איצט נישט געהאַט און די רומענישע פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין האָט זיך באַמיט צו מאָלן דאָס בילד פון רוסלאַנד וואָס שוואַרצער, וואָס שרעקלעכער. רומעניע, הייסט עס, האָט נישט נאָר „באַפרייט" די דאָזיקע פּראָווינץ וואָס איז אירע על־פּי־רעכט, נאָר זי האָט זי געראַטעוועט פון דער „באָלשעוויסטישער באַרבאַריע" פאַר דער „מערב־ציוויליזאַציע".. עס האָט זיך אָבער געמאַכט אַזוי, אַז אַפילו יענע שיכטן פון בעסאַראַביע וואָס האָבן געהאַט אַלע מאָטיוון צו זיין קעגן דער נייער אָרדענונג אין רוסלאַנד, האָבן נישט געגלויבט די רומענער, פּשוט דערפאַר ווייל זייערע מעשים אין דער אָקופּירטער פּראָ־ווינץ זענען נישט געווען פון „באַפרייערישן" און „רעטערישן" כאַראַקטער.

מיט דער צייט, האָט מען זיך ווי עס איז צוגעוווינט צו דער נייער לאַגע, שטענדיק אונטערן גלויבן אַז „דאָס קאָן נישט געדויערן לאַנג". עפּעס האָט זיך קיינעם נישט געגלויבט אַז די רוסן וועלן אַזוי אַ, אָן שום ווידער־שטאַנד, לאָזן צונעמען ביי זיי איינע פון די פּרוכטבאַרסטע פּראָווינצן. דער עולם איז אַרומגעגאַנגען אין אַ שטענדיקער האַלוצינאַציע אַז — „אָט קומען

זיי צוריק״. די רומענער זענען די ערשטע צייט אויך נישט געווען שטאַרק זיכער מיטן באַזיץ פון זייער נייער טעריטאָריע, אָבער די לאַגע אין רוס־לאַנד גופא און די אינטערנאַציאָנאַלע קאָניוקטור האָט זיי אַזוי צוגעשפּילט אַז זיי האָבן וואָס אַ טאָג זיך אָנגעהויבן פילן זיכערער. עס זענען מיט דער צייט אויך אַנטשטאַנען אַזעלכע באַדינגונגען און אומשטענדן, וואָס האָבן גרויסע און איינפלוסרייכע שיכטן פון דער באַפעלקערונג צוגעבונדן צו די אינטערעסן פון דער רומענישער לאַנד־פּאָליטיק און ווירטשאַפט און עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן אָננעמען די רומעניש פּראָפּאַגאַנדע וועגן דער „נאַטירלעכער אָנגעהעריקייט״ פון בעסאַראַביע צו „גרויס־רומעניע״, ווי מען האָט זי אָנגעהויבן רופן נאָכן ערשטן וועלט־קריג. עס איז אַנטשטאַנען אַ שיכט פון בעסאַראַבער „פּאַטריאָטן״ צום דינסט פון דער הערשנדיקער מאַכט און אויך דער פויער האָט, צי ער האָט געוואָלט אָדער נישט, געמוזט שלום מאַכן מיט דער לאַגע, הגם די שנאה צו די רומענישע מאַכטהאָבער האָט נישט אויפגעהערט.

דער בעסאַראַבער ייִד, וואָס האָט זיך באַטראַכט אַלס אַ טייל פון דעם גרויסן רוסישן ייִדנטום, איז ווי אָפּגעשניטן געוואָרן פון זיין גייסטיקן צענ־טער. לכתחילה האָט זיך געפילט אַ געוויסע פאַרלוירנקייט, אָבער שפּעטער האָט מען זיך אָנגעהויבן אָריענטירן אויף די אייגענע כּוחות און דאָס בעס־סאַראַבער ייִדנטום איז אַפילו געוואָרן דער רעזערוואַר פון ייִדישער אינ־טעליגענץ פאַר די ייִדן פון אַלט־רומעניע, וואָס איז אויפן געביט פון ייִדישע גייסטיקע און קולטור־ווערטן געווען היבש הינטערשטעליק. די מערהייט פונעם ייִדנטום פון אַלט־רומעניע, הגם אַ פּאָלקסטימלעכע, איז שפּראַכלעך און קולטורעל געווען אַסימילירט. די עכט־ייִדישע אינטעליגענץ פון די בעסאַראַבער שטעטלעך, מיט איר באַגאַזש פון ייִדיש וויסן, איז אין אַ גע־וויסער מאָס געוואָרן דער גייסטיקער רוקנביין פון דעם ייִדישן לעבן אין רומעניע. אין דער זעלבער צייט, איז רומעניע געווען פאַרפליכטעט לויט אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן צו געבן רעכט די מינדערהייטן און די ייִדישע מינדערהייט, איבערהויפּט די ייִדישע יוגנט פון בעסאַראַביע, האָט די דאָזיקע נייע לאַגע אויסגענוצט דורך פאַרפלייצן ממש די רומענישע אוניווערסיטעטן, אַרויסרופנדיק דעם טרויעריק־באַרימטן „אַקאַדעמישן אַנטיסעמיטיזם״, מיט קוזאַ און קאַדריאַנו בראש.

די בעסאַראַבער ייִדן האָבן שפּעטער געהאַט אַ נייעם מאָטיוו שלום צו מאַכן מיט דער רומענישער אָקופּאַציע און אַפילו זיין צופרידן פון איר: די שווידערלעכע פּאָגראָמען אויף ייִדן אין אוקראַיִנע. פון „יענער זייט״ האָבן אָנגעהויבן אײַן ידיעה שווידערלעכער פון דער צווייטער וועגן בלוטיקע שחיטות אויף ייִדן, וואָס האָבן דערמאָנט אין די צייטן פון באָגדאַן כמעלניצקי. שפּעטער זענען די דאָזיקע ידיעות באַשטעטיקט געוואָרן דורך אַ מאַסן־געיעג פון טויזנטער ייִדן וואָס זענען אין גרויס בהלה געלאָפן איבערן דניעסטר קיין בעסאַראַביע. אונדזער שטעטל, וואָס האָט זיך געפונען האַרט ביי דער גרענעץ, איז פון דער העלער הויט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּלאַץ, ווו דאָס מוראדיקע בילד פון ייִדישע אויסגעוואָרצלטקייט האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דעם שרעקלעכסטן זינען פון וואָרט.

אין יענער צייט, צווישן דעם אָנהייב פון דער רומענישער אָקופּאַציע און דעם טראַגישן געיעג פון די אוקראַיִנער ייִדן וואָס זענען אַנטלאָפן פון אומקום, בין איך געווען אין עלטער צווישן פופצן און אַכצן יאָר, אין איבערגאַנג פון קינדהייט צו יוגנטלעכקייט. די געשעענישן האָבן אין מיר איבערגעלאָזט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק און אַ געפיל פון פּראָטעסט קעגן דער מענטשלעכער רישעות. אַנשטאָט צו געניסן די פאַרגעניגנס פון אָט דער צייט פון דעם מענטשנס לעבן, בין איך גיך רייף געוואָרן אונטער דער ווירקונג פון די געשעענישן וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַרום מיר. עס האָט אין מיר אָנגעהויבן אויפגיין דער באַגער צו אַנטלויפן פון דעם אָרט ווו דאָס אומרעכט פון מענטשן קעגן מענטש איז געוואָרן אַ דערשיינונג פון יעדן טאָג. עס האָט מיך געצויגן צו אומבאַקאַנטע ווייטקייטן, ווו איך האָב געהאָפט צו געפינען מער יושר. דאָס שטעטל איז געוואָרן ענג פאַר מיר, פּונקט ווי פאַר אַנדערע יוגנטלעכע פון מיין גלייכן, וואָס האָבן זיך דערפילט ווי באַדנלאָז, ווי אין דער לופטן.

דאָס איז אָבער נישט געווען דאָס ערגסטע וואָס דאָס שטעטל האָט דורכגעמאַכט. מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער, אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דאָס שטעטל דורכגעמאַכט אַן אָדיסייע קעגן וועלכער די ערשטע וועלט־מלחמה און דער אָנהייב פון דער רומענישער אָקופּאַציע זענען געווען אַ לייכטער קינדערשפּיל.

# פליטים

ווי עס איז שוין דערציילט געוואָרן, איז דאָס שטעטל נאָך דער רומענישער אָקופּאַציע כּמעט ווי איזאָלירט געוואָרן פון דער ברייטער וועלט. אויב דאָס שטעטל איז קיינמאָל נישט געווען קיין „כּרך“, איז דאָס איצט געווען אַ פאַרוואָרפענער העק, ערגעץ ביי דער גרענעץ מיט רוסלאַנד, אָפּגעשניטן פון דעם גרויסן רוסישן יידנטום און ווייט פון דעם רומענישן צענטער. אונטער די נייע באַדינגונגען און דראַסטישן אויסנאַם־צושטאַנד וואָס די רומענער האָבן איינגעפירט אין גאַנץ בעסאַראַביע און באַזונדערס אין די גרענעץ־געביטן, האָט דאָס שטעטל געלעבט אין זיך און מיט זיך, ווי איינער וואָס קומט נישט צו קיינעם און קיינער קומט נישט צו אים. זעלטן ־ווען האָט מען אין שטעטל געזען אַ פרעמדן מענטשן, ווייל ווער האָט עס אין יענער צייט געוואַגט צו פאָרן אין די ישובים וואָס האָבן זיך געפונען נאָענט ביי דער גרעניץ און ווו מיטן צופאַלן פון דער נאַכט, האָט מען קיין לעבעדיקן נפש אויף דער גאַס נישט געזען? אָפּטמאָל, האָט מען דורכן שטעטל געזען דורכגיין די גרענעץ־פּאַטרולן, רומענישע סאָלדאַטן, אָנגעטאָן אין טונקל־גרויע שינעלן און הויכע קוטשמעס, באַוואָפנטע מיט לאַנגע פראַנצויזישע ביקסן, וואָס פלעגן אויף אַלעמען אָנוואַרפן אַ פּחד. פונווייטנס, האָט מען פון יענער זייט דניעסטר געזען די רוסישע גרענעץ־וואַך, וועלכע פלעגט שטענדיק פאָרן רייטנדיק.

אַזוי האָט עס געדויערט אַ פּאָר יאָר, ביז אין שטעטל איז ווידער לעבעדיק געוואָרן, דאָסמאָל אויף אַ טראַגישן אופן. אין יענער זייט דניעסטר, אין אוקראַינע, האָבן אָנגעהויבן בושעווען די פּאָגראָמען פון פּעטליורעס, מאַכנאָס און דעניקינס באַנדעס און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס טראַגישע

געלויף פונעם אוקראַיִנישן ייִדנטום. דאָס שטעטל, וואָס איז אין משך פון צוויי יאָר צייט געווען פולשטענדיק אָפּגעשניטן פון ביידע וועלטן, אַזוי צו זאָגן, איז פּלוצים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון די אינטענסיווסטע טראַנזיט־פּונקטן פון די טויזנטער ייִדישע פּליטים וואָס זענען געלאָפן אין גרויס בהלה פונעם טויט. עס איז שוין וועגן דער דאָזיקער צייט דערמאָנט געוואָרן אויף אַנדערע ערטער פון דעם דאָזיקן בוך, אָבער זי האָט פאַרדינט אַז מען זאָל וועגן איר שרייבן באַזונדער. דאָס שטעטל וואָס האָט וועגן דער טראַגיק פון ייִדישן נע־ונד געהערט פון ווייטנס, האָט איצט דערזען די דאָזיקע ביטערע ייִדישע צרה ביי זיך, פון דער נאָענט. דאָס וואָס אַנדערע ייִדישע ישובים האָבן געהאַט איבערגעלעבט ביים אויסברוך פון דער מלחמה, האָט אונדזער שטעטל דערפילט ערשט אַ פּאָר יאָר נאָך דעם וואָס בעסאַראַביע איז שוין געווען אָקופּירט פון די רומענער, אין דעם וואָס מען האָט אָנגערופן „פרידנסצייט".

ווען דער „נעסטר" איז געוואָרן אַ גרענעץ, איז אין שטעטל אויפגעקומען אַ נייע פּרנסה: קאָנטראַבאַנד. אין יענער זייט דניעסטער האָט געבושעוועט דער בירגערקריג, עס האָבן געהערשט הונגער, קראַנקייטן און דחקות און עס האָט אַלץ אויסגעפעלט. מענטשן מיט אַ ביסל געוואַגטקייט און קוראַזש, האָבן באַקומען די געלעגנהייט צו ווערן רייך און זיי האָבן די געלעגנהייט נישט דורכגעלאָזט. ווי וויל מען האָט זיך נישט געשראָקן פאַר די רומענער די ערשטע צייט, האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן מיט זיי געמאַכט „יד־אחת" און עס איז אָנגעגאַנגען און אינטענסיווער שמוגל איבערן „נעסטר". מען האָט געשמוגלט וואָס עס האָט זיך געלאָזט: עסנוואַרג, שטאָפן, מעדיקאַמענטן, צוקער, זאַלץ און — איבערהויפּט טאַבאַק. פאַר טאַבאַק האָט מען געצאָלט ממש מיט גאָלדענע רענדלעך און מיט בריליאַנטן. בכלל, האָט מען אין יענער צייט געצאָלט פאַר די אַריבערגעשמוגלטע סחורות מיט גאָלד, ווייל קיין געלט האָט קיינער נישט געוואָלט אָננעמען. עס זענען אין שטעטל איבער נאַכט אויפגעקומען נייע גבירים, וואָס האָבן מיט זייער אופן פון האַנדלען און לעבן עפּעס ווי געענדערט די גאַנצע אָרדענונג און די שטימונג. אַ טייל פון דער מורא וואָס מען האָט געהאַט פאַר די רומענער, האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויך אויף זיי. מענטשן וואָס זענען אייך געווען גוט באַ־

קאַנט פון נעכטן און אייערנעכטן, האָבן אין אייערע אויגן אָנגעהויבן אויס־זען מיסטעריעז — ווי אַ רעטעניש.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געלויף פון די פּליטים איבערן דניעסטער, איז דער באַדן שוין געווען אַ צוגעגרייטער. די זעלבע וואָס האָבן ביז דעמאָלט געשמוגלט סחורות, האָבן אָנגעהויבן שמוגלען — מענטשן, בעסער געזאָגט — ייִדן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנטראַבאַנד מיט מענטשן, צום ערשט ביסלעכווייז און וואָסאַמאָל אין גרעסערן מאַסשטאַב. די לאַגע אין אוקראַינע איז וואָס אַ טאָג געוואָרן ערגער, די בלוטבאָד איבער די ייִדישע שטעט און שטעטלעך מוראדיקער און דאָס געלויף פון טויזנטער ייִדן האָט אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַן אומבאַשרייבלעכער פּאַניק. צום ערשט, האָבן זיך באַוויזן איינצלנע פרעמדע ייִדן וואָס האָבן תיכּף באַקומען הילף פון די שטעטלשע איינוווינער, ביז זיי האָבן געקאָנט פאָרן ווייטער. וואָס אַ טאָג אָבער, איז דער צופלוס געוואָרן גרעסער, מאַסנהאַפטיקער. עס זענען געווען נעכט, ווען עס האָבן געקריצט דעם דניעסטער ממש הונדערטער ייִדן, וואָס פלעגן פּשוט אַוועקגעבן פון זיך דאָס לעצטע העמד, אַבי צו אַנטלויפן פון דער טויט־געפאַר וואָס האָט אויף זיי געלויערט אין יענער זייט דניעסטער. די פּליטים־מאַסע איז געווען אַ פאַר־שידנאַרטיקע: עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פּאַבלהאַפטיקע פאַרמעגנס אין גאָלד, פּלאַטין און בריליאַנטן, טייערע פּו־טערס און אַנדערע ווערטזאַכן; און עס זענען געווען אַנדערע — דער גרעס־טער טייל — וואָס זענען אַריבערגעקומען ממש נאַקעט און באָרוועס. פאַר די האָט דאָס שטעטל געדאַרפט זאָרגן און — עס האָט געזאָרגט. איך דער־מאָן דאָס מיט שטאָלץ, אָבער דער דאָזיקער שטאָלץ איז געמישט מיט ביטערן פאַרדרוס, ווייל עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אויסגענוצט די לאַגע פון די אומגליקלעכע פּליטים פאַר דעם אייגענעם נוצן און אַפילו אויף רייך צו ווערן.

לכתחילה, זענען די פּליטים אויפגענומען געוואָרן אין פּריוואַטע הייזער, ווו מען האָט זיי אויסגעהאַלטן אומזיסט אָדער פאַר אַ נישטיקן אָפּ־צאָל. יעדנפאַלס, איז די מערהייט באַשטאַנען פון געוועזענע איינגעזעסענע און אָנשטענדיקע מענטשן, וואָס האָבן נישט געוואָלט געניסן אומזיסט פון דער גאַסטפריינדלעכקייט, אויב זיי זענען געווען בכוח צו באַצאָלן. מיט

דער צייט אָבער, איז דער צופֿלוס געוואָרן אַזוי גרויס, אַז מען האָט געמוזט אָנגעהייבן טראַכטן וועגן אַ קאָלעקטיוון וווינאָרט פֿאַר די פּליטים. און ווו האָט מען זיי געקאָנט אַהינטאָן? עס איז געווען איין אויסוועג: די שילן. און אָט אַזוי זענען אייניקע שילן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין טראַגישע אַכסניאס פֿאַר אָט די וואַנדערער, וואָס זענען אַנטלאָפֿן פֿונעם טויט און האָבן דאָ געלעבט אין איין מורא, אַז מען זאָל זיי נישט צוריק אַריבערשטעלן דעם דניעסטר. וויפֿל איך וועל לעבן, וועל איך נישט פֿאַרגעסן ווי עס האָט אויסגעזען דאָס בילד אין דער „ווייסער שיל", די גרעסטע פֿונעם שטעטל, ווי הונדערטער פּליטים האָבן זיך אויפֿגעהאַלטן און געלעבט אין די ערגסטע באַדינגונגען. דאָס שטעטל האָט געהאָלפֿן, אָבער וואָס האָט מען געקאָנט טון, אַז נאַכט נאָך נאַכט איז די מאַסע פּליטים וואָס האָט ממש באַלאַגערט דאָס שטעטל, געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער. פֿונעם צענטער, פֿון קעשענעוו האָט מען געהאָלפֿן, אָבער וואָס האָט מען געקאָנט טאָן? אונדזער שטעטל איז דאָך נאָר געווען איין פּונקט פֿון די צענדליקער אַנדערע פּונקטן ביים דניעסטר, ווו נאַכט נאָך נאַכט זענען טויזנטער יידן געלאָפֿן פֿון די פּעטליורישע פּאָגראָמען.

אַ געוויסע צייט, איז די דאָזיקע בהלה צוגעגאַנגען בלוטלאָז. מען האָט קיינמאָל נישט געהערט אַז עס זאָל עפּעס האָבן פּאַסירט מיט די וואָס האָבן געקרייצט דעם דניעסטר. מען האָט די פּליטים באַרויבט אָפּטמאָל ביז צום לעצטן העמד, אָבער קיין מאָרד האָט נישט פּאַסירט. ביז אין איין טראַגישן פֿרימאָרגן איז געפֿאַלן די שרעקלעכע בשורה: צוויי יידן זענען דערשאָסן געוואָרן ביים „אַריבערגיין" דעם „גרעסטר". דאָס שטעטל איז דערשיטערט געוואָרן פֿון דער דאָזיקער ידיעה. מען האָט די הרוגים אַרויפֿגעבראַכט אויף פֿויערשע פֿורן, באַוואַכט פֿון באַוואָפֿנטע סאָלדאַטן און שטעטל האָט זיי זייער רעכט געטאָן. מען האָט זיי מקבר געווען אויפֿן שטעטלשן בית־עולם. מען האָט זיך געטרייסט אַז עס איז בלויז געווען אַ צופֿאַל. עס איז אָבער נישט געווען קיין צופֿאַל; עס איז בלויז געווען אַן אָנהייב. קאָמענדאַנט פֿון דעם אָרטיקן גאַרניזאָן איז שוין דעמאָלט געווען דער טרויעריק־באַרימטער לאָקאָטינענט מאָראַרעסקו, וואָס האָט פֿאַרשריבן זיין נאָמען מיט בלוטיקע אותיות אין דעם קאַפּיטל אוקראַאינישע פּליטים. קיינער האָט נישט געוווּסט צי ער האָט עס געטאָן אויף אייגענעם חשבון,

אָדער ער האָט געהאַט אַ באַפעל פון אויבן; דער פאַקט איז, אַז זינט ער איז געוואָרן קאָמענדאַנט, איז כמעט נישט געווען קיין נאַכט אַז מען זאָל נישט דערשיסן איינעם אָדער עטלעכע ייִדן פון די וואָס האָבן געקרייצט דעם דניעסטער. אויפן בית־עולם פון אונדזער שטעטל זענען צוגעקומען 33 קברים פון אַזעלכע הרוגים. די דאָזיקע טראַגישע מאָרדן זענען דורך די איינפלוסרייכע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס דערגאַנגען ביז קיין בוקאַרעשט און מען האָט אַפילו אַראָפּגעשיקט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אויף אויסצופאָרשן דעם ענין. מען האָט אייניקע פון די דערמאָרדעטע אויסגעגראָבן פון די קברים און געמאַכט איבער זיי אויטאָפּסיעס, אָבער צו קיין טאָלק איז מען נישט געקומען. דאָס איינציקע וואָס מען האָט געפועלט דורך דער קאָמיסיע איז, אַז מען האָט דעם מערדערישן אָפיציר איבערגעפירט ערגעץ אַנדערש און זינט דעמאָלט האָבן אויפגעהערט די מאָרדן אין דער נאַכט ביי דער גרענעץ.

עס איז קוים צו באַשרייבן וואָס דאָס שטעטל האָט איבערגעלעבט אין יענע טראַגישע טעג, ווען כמעט אַלע אינדערפרי פלעגט מען אַרויפברענגען פונעם ברעג דניעסטר נייע הרוגים. דאָס געמיט פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וואָס איז שוין געווען גענוג דערשלאָגן פון צוזען אַזויפיל ייִדישע פּיין, היימלאָזיקייט און שרעק, איז ממש דערשיטערט געוואָרן פון אָט די אומגליקן וואָס פלעגן אַלע אינדערפרי ווי געבוירן ווערן פון די קאַשמאַרע, פינצטערע נעכט. טאָמער איז געווען ווייניק ייִדישער בע־ונד, ייִדישע היימלאָזיקייט, קראַנקייטן, שרעק און מורא פאַר יעטווידער „קנעפּל" — איז אונטערגעקומען דער אומגליק פון מאָרד אין דער נאַכט. יעדעס מאָל ווען מען פלעגט אַרויפברענגען אַ הרוג און אים פירן צום טהרה־שטיבל אויף צו טאָן אים זיינע רעכט און ברענגען צו קבורה, פלעגט דאָס גאַנצע שטעטל איינהאַלטן דעם אָטעם אין טראַגישער באַערונג פאַר דעם אומבאַקאַנטן מאַרטירער פון ייִדישן וואַנדער.

ביסלעכווייז, איז דער שטראָם פּליטים געוואָרן קלענער. אין „יענער זייט" האָט די לאַגע זיך אָנגעהויבן צו באַרויִקן און עס זענען אויך געוואָרן קלענער די שאַנסן צו קאָנען קרייצן דעם דניעסטער. דאָס שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן אויסצולייזיקן פון די פּליטים, וואָס זענען געפאָרן ווייטער, ביז עס איז ווידער געוואָרן נאָרמאַל, ווי אַ טייך וואָס בלייבן אין זיין נאַ־

טירלעכן בעקן נאָך אַ שרעקלעכער פאַרפלייצונג. פונקט ווי נאָך אַ פאַר־פלייצונג בלייבן אויף די ברעגן די רעשטן פון חורבנות וואָס זי מאַכט אָן, אַזוי איז אויך אין דעם געמיט פון די שטעטלשע איינוווינער אויף אַ לאַנ־גער צייט געבליבן דער אָפּדרוק פון יענער טראַגישער צייט. בלויז גע־ציילטע פון דער באַפעלקערונג וואָס האָבן פון דעם עסק „אָפּגעלעקט אַ ביינדל״, האָבן אפשר געבענקט נאָך יענער צייט, אָבער דער גרעסטער טייל האָט עס געדענקט ווי אַ שעת־חירום. דער לעצטער רעשט פון אָט דער טראַגישער צייט זענען געווען די 33 קברים פון אומבאַקאַנטע ייִדן, וואָס זענען אין געלויף פון איין שונא אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ צווייטן און — אומגעקומען. די דאָזיקע 33 קברים זענען בלויז געווען אַן אַוואַנס פון אַנדערע טויזנטער קברים פון אומבאַקאַנטע ייִדישע מאַרטירער מיט וועלכע די נאַצי־רומענער האָבן פאַרזייט די ערד פון דעם שטעטל, ווען זיי האָבן עס מיט 20 יאָר שפּעטער פאַרוואַנדלט אין איינעם פון די שרעקלעכסטע קאָנצענטראַציע־לאַגערן אויפן וועג קיין „טראַנסניסטריע״.

# אונדזער קיך־פענצטער

אויף וויפל איך קאָן זיך דערמאָנען, איז דאָס פענצטער פון אונדזער קיך געוועזן דאָס פלאַץ וווּ איך האָב צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן קוקן „אויף דער וועלט". איך קאָן נישט זאָגן גענוי אין וואָס פאַר אַן עלטער איך האָב אָנגעהויבן זען די וועלט דורך דעם דאָזיקן פענצטער, אָבער איך האָב נאָך דעמאָלט געדאַרפט זיין זייער אַ קליין קינד. די „וועלט" וואָס איך האָב דערזען דורך אונדזער קיך־פענצטער איז געוועזן אַ קליינע אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס איך האָב שפּעטער געזען און באַנומען, אָבער קיין שענערע פון איר האָב איך שוין מער קיינמאָל נישט געזען. עס איז געוועזן די „וועלט" וואָס מען „דערזעט" דורך די לויטערע געפילן פון די אומבאַ־רירטע קינדערשע עמאָציעס און דער איינדרוק וואָס באַקומט זיך פון דעם, פאַרבלייבט שוין אייביק אין דעם געמיט מיטן גאַנג פון דער צייט ווערט דער דאָזיקער איינדרוק איינגעדרימלט ערגעץ אין אַ פאַרבאָרגענעם ווינקל פון די מיסטעריעזע מוח־ און האַרץ־קעמערלעך, אָבער עס איז גענוג אַז עפּעס וואָס זאָל זיי אָנרירן, אַז זיי זאָלן אויפטויכן און זיך אַוועקשטעלן פאַר אייערע אויגן אַזוי לעבעדיק און פריש, גלייך איר וואָלט זיי ערשט נעכטן געזען.

זינט איך האָב אָנגעהויבן זען „די וועלט" דורך אונדזער קיך־פענצ־טער, איז שוין אַריבער אַ קנאַפּער האַלבער יאָרהונדערט, אָבער אין מיין געמיט לעבט די דאָזיקע „וועלט" אַ סך שטאַרקער ווי אַנדערע דערשיי־נונגען וואָס זענען מיר געקומען צו די אויגן, צום שׂכל און צום האַרץ דורך אַ סך ברייטערע פענצטער ווי עס איז געוועזן דאָס פענצטער פון אונדזער קיך. דאָס איז מסתמא דערפאַר, ווייל די דאָזיקע וועלט האָט מיר

קיינער נישט געוויזן, נאָר איך האָב זי אַליין דערזען און דערפילט מיט מיינע קינדערשע חושים און דערפאַר זע איך זי אַזאַ לויטערע און אמתע, ביז צום הייַנטיקן טאָג. אַ סך מאָל דאַכט זיך מיר, אַז ווען איך וועל דאָס לעצטע מאָל פאַרמאַכן די אויגן אויף נישט זען מער די וועלט, וועלכע עס איז מיר באַשערט געווען דורכצושפּאַנען, וועל איך זי זען אין דער געשטאַלט ווי זי האָט זיך מיר אַנטפּלעקט דורך דעם פענצטער פון אונדזער קיך. יעדנפאַלס איז מייַן באַגער אַזעלכער...

דאָס פענצטער פון אונדזער קיך איז נישט געווען קיין פענצטער אין דעם ריכטיקן זינען פון וואָרט. עס איז געווען אַ פענצטער פון אַ היבּ־טערשטער טיר, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צו אַ הויף און פון יענער זייט הויף האָבן זיך געצויגן ליידיקע פּלעצער ביז אַראָפּ צום וואַלד וואָס האָט געפירט צום „נעסטר", דער ווונדערלעכער טייך, וואָס האָט זיך געשלענגלט צווישן אַ קאַפּריזנער לאַנדשאַפט פון בערג און טאָלן. דורך דעם דאָזיקן פענצטער האָט מען אָנגעזען די גאַנצע לאַנדשאַפט פון אַרום, ביז העט ווייט אויף דער לינקער זייט דניעסטר, אויף דער אוקראַינער זייט.

קינדווייז, פלעג איך ליב האָבן צו שטיין שעהנווייז ביי דעם דאָזיקן פענצטער און קוקן אויף דער ווונדערלעכער פּאַנאָראַמע, וואָס בלייבט מיט גאָרנישט הינטערשטעליק לגבי די שענסטע וואָס איך האָב דערנאָך געזען בעת מיינע רייזעס. באַזונדערס פלעגט מיך באַצויבערן דער דניעסטר, וואָס האָט פונווייטנס אויסגעזען ווי אַ ברייטע זילבערנע לענטע וואָס האָט דורכגעשטרייפט די לאַנדשאַפט, וואָס איז געווען אַ געמיש פון גרין, וויאָלעטע און גרוי. איך קאָן נישט פאַרגעסן דאָס בילד פון זון־אויפגאַנג וואָס מען האָט געזען פון אונדזער קיך־פענצטער. די זון פלעגט אַרויסקומען אַ פייער־דיק־רויטע פון הינטער די בערג אויף דער פּאָדאָליער זייט. צום ערשטן, האָבן אירע שטראַלן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די רויטע דעכער פון דער קאַ־מינקער דייטשער קאָלאָניע און דערנאָך, ווען זי האָט זיך אויפגעהויבן עטוואָס העכער, האָבן זיי זיך געבומען באָדן אין די וואַסערן פונעם טייך, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין אויסגוס פון דימענטן און ברי־ליאַנטן. עס איז באמת געווען אַ וועלט פון טויזנטער קאָלירן וואָס האָבן זיך געמיניעט אין די שנעל־לויפנדיקע וואַסערן פונעם דניעסטר און דאָס פלעג איך באַוווּנדערן פון אונדזער קיך־פענצטער וואָס איז אינגאַנצן באַ־

שטאַנען פון פיר קליינע שייבלעך. פיר קליינע שייבלעך, דורך וועלכע עס האָט זיך צו מיר אַנטפּלעקט די וועלט, אַ ריינע, אַ נישט־באַרירטע...

אַן אַנדער וווּנדערלעך בילד — לויט מיינע קינדערשע באַגריפן — וואָס איך האָב געזען דורך דעם דאָזיקן פענצטער, זענען געווען די „פּאַראָכאָדן" און די באַרזשעס וואָס פלעגן גיין איבערן דניעסטר, איידער בעסאַראַביע איז פאַרנומען געוואָרן פון רומעניע. קינדווייז, זענען די דאָזיקע שיפן סתם געווען פאַר מיר דאָס גרעסטע וווּנדער וואָס איך האָב געקאָנט זען און ווען איך בין עלטער געוואָרן און דורך דעם לייענען זיך דערוווּסט וועגן אַנדערע וועלטן ווי די וואָס מען האָט געזען פון אונדזער קיך־פענצטער, האָבן די דאָזיקע שיפן ביי מיר אַרויסגערופן רעגונגען צו אומבאַקאַנטע מרחקים. זיי זענען פאַר מיר געווען דער אויסדרוק פון דעם אומבאַקאַנטן, וואָס איך האָב אַפילו מיט מיין קינדערשן שכל באַנומען, אַז עס געפינט זיך פון יענער זייט פון די אַרומיקע בערג...

די דאָזיקע „וועלט" פלעגט בייטן איר אויסזען, לויט די צייטן פון יאָר. פרילינג און זומער איז זי געווען אַ ליכטיקע, מיט טויזנטער קאָלירן און פאַרבן וואָס האָבן געלעבט בפועל ממש און האָבן אויסגעשפּילט עפּעס אַזאַ מיסטעריעזע סימפאָניע, וואָס איז געווען אַ געמיש פון באַוועגונג און מנוחה אין דער זעלבער צייט. עס איז געווען אַ „וועלט" אין כסדרדיקן פּראָצעס פון אויפשפּראָץ, פון יצירה, וואָס האָט פאַרכאַפּט ס'אויג פון אַ קינד פון פינף אָדער זעקס יאָר, וואָס האָט קוים באַנומען דעם זין פון דעם וואָס ער זעט. שפּעט־זומער, האָט די זעלבע וועלט אָנגענומען אַ גאָלדיק־טונקעלן קאָליר, פון צערייפטע פעלדער און גערטנער און צו האַרבסט־צו, האָט זי זיך פאַרוואַנדלט אין טונקל־גרוי, אַ קאָליר וואָס האָט אויף מיר אָנגעהויכט אַ טיפע מעלאַנכאָליע. אין די ווינטער־חדשים, איז אַלץ געוואָרן איין ווייסע לאַנדשאַפט און ווען דער טייך פלעגט פאַרפרוירן ווערן, האָט מען איבערהויפּט נישט דערקאָנט צי עס איז אין דער געגנט פאַראַן אַ טייך. די אומרויִקע וואַסערן פונעם „נעסטר" האָבן פאַרגעזעצט זייער אייביקן געלויף צום שוואַרצן ים אונטער דעם דיקן שיכט אייז מיט וועלכן דער פראָסט האָט פאַרקאָוועט זיין אויבערפלאַך. אין דער דאָזיקער צייט פון יאָר איז אָפּטמאָל אוממעגלעך געווען צו קוקן אויף דער „וועלט", ווייל

איך דאָס פענצטער פון אונדזער קיך איז געווען פאַרקאָוועט פונעם פראָסט...

ווען איך בין דערנאָך עלטער געוואָרן, האָב איך געזען די וועלט פון פאַרשידענע „קוקווינקלען". איך האָב זי געזען דורך די וווּנדערלעכע מעשיות פונעם תנך, פון די פענצטער פון לויפנדיקע צוגן, דורך די בלעטער פון ביכער פון גרויסע דיכטער און שרייבער, דורך דער לייוונט פונעם קינאָ און דורך דער אויסטייטשונג פון גרויסע קינסטלער אויף דער בינע. איך האָב זי געזען פון יאָגנדיקע אויטאָמאָבילן און פליִענדיקע אַוויאָנען, דורך דער פרייד פון ליבע און דורך דער ביטערניש פון מענטשלעכער ענגהאַרציקייט און בייזוויליקייט, וואָס די דערפאַרונג פון די יאָרן האָט מיר געוויזן. איך האָב זי געזען דורך דערצייִען קינדער און די ליידן און פרייד וואָס מען האָט פון דעם. איך האָב זי געזען דורך פאַרשידענע „קוקווינקלען" און מיט מיינע באַשיידענע כוחות אַלס שרייבער זי געפּרוווט ווייזן אַנדערע דורכן וואָרט. קיינמאָל אָבער האָב איך זי נישט געזען אַזוי לויטער און שיין ווי איך האָב זי געזען דורכן פענצטער פון אונדזער קיך, אין יענע צאַרטע יאָרן פון דער קינדהייט, ווען דאָס געמיט איז נאָך נישט געווען פאַרסמט און צעפּרעסן פון די גיפטן וואָס דאָס לעבן האָט שפּעטער געליפערט בשפע. די דאָזיקע וועלט געהער צו אַ פאַרגאַנגענהייט וואָס וועט זיך שוין מער נישט אומקערן, אָבער פאַר מיר איז זי טייער און איך בין גרייט אָפּצוגעבן אַלע וועלטן וואָס איך האָב דערנאָך געזען פאַר איין בליק כאָטש אויף יענער כישוף־וועלט...

אַ צו־געוואַגטע השגה לוידער. די דאָזיקע וועלט עקזיסטירט שוין מער נישט, זי ליגט אין חורבות. זי איז שוין נישטאָ, נישט נאָר אויף וויפל עס איז נוגע מיינע פערזענלעכע געפילן און בענקשאַפטן נאָך דער קינדהייט און יוגנט, נאָר זי עקזיסטירט שוין נישט בפועל ממש, אַלס אַ דערשיינונג אין דעם ייִדישן לעבן. ווייל דאָס וואָס איך האָב געזען דורכן פענצטער פון אונדזער קיך, האָב איך געזען מיט די אויגן פון אַ ייִדיש קינד. די דאָזיקע גאַנצע „וועלט" וואָס איך האָב „אַנטדעקט" צום ערשטן מאָל, און וואָס האָט געהערט צו פרעמדע, האָט אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי אַן אייגענע, ייִדישע וועלט. מען האָט מיר טויזנט מאָל געקאָנט דערקלערן אַז די וועלט אויף וועלכער איך קוק געהער נישט צו מיר, זי געהער

צו אַנדערע, צו די גויִים, אָבער איך האָב זי דורך מיינע עכטע געפילן פון אַ ייִדיש קינד, פאַרוואַנדלט אין מיינער — איך האָב זי „פאַרייִדישט". אַפילו די נישט־ייִדישע וועלט וואָס האָט אונדז אַרומגערינגלט האָט גע־וווּסט אַז מיר קוקן אויף איר דורך ייִדישע ברילן און זי האָט עס ביז אין אַ געוויסער מאָס רעספּעקטירט. נאָך מער — זי האָט אין אַ סך פאַלן צו־געפּאַסט איר עקזיסטענץ צו אונדזער ייִדישער „אינטערפּרעטאַציע" פון דער סביבה. די וואָס האָבן געלעבט אין מזרח־אייראָפּע, ווייסן אַז די גויִים האָבן זיך אין אַ סך פאַלן צוגעפּאַסט צו די ייִדן און נישט פאַרקערט, ווי עס פּאַסירט אין די נייע ייִדישע ישובים, וווּ ייִדן לעבן פריי אַלס בירגער. אין דעם זין, זענען ייִדן געווען די זעלבסטשטענדיקסטע און פרייסטע בירגער אין יענע לענדער וווּ זיי האָבן געלעבט רעכטלאָז און פאַרפאָלגט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יאָ, עס איז געווען נישט מער ווי אַ קאַפּריז אַזאַ, ווידער צו כאַפּן אַ קוק אויף דער „וועלט", וואָס איך האָב קינדוויַיז געזען דורך אונדזער קיך־פענצטער... געכאַפּט אַ קוק און זיך איבערצייגט, אַז די דאָזיקע וועלט איז מער נישטאָ — זי איז חרוב געוואָרן.

